ד"ר מ. לעהמאן

פאָלקס=ערצעהלונגען

איבערזעצט דורך י. שפּירא.

# אין צווייי וועלטען

(ערצעהלונג פון מאָדערנעם לעבען).

1921
וואַרשאָ,
פערלאַג: „אַלט=יודיש".

# 1. אַ שלעכטע ערציהערין.

דאָס איז געווען דעם 28-טען יולי 1851. דער לוח האָט נעמעלדעט וועגען אַ פֿאַלקאָמער לקוי-חמה, וואָס האָט זיך געדאַרפֿט אָנהויבען 3 אַ זייגער בייטאָג.

די גאַנצע בעפֿעלקערונג האָט זיך געלאָזען געהן אויף די בערג, וועלכע רינגלען אַרום די הויפּט-שטאָדט פֿון בעהמען, די אַלטע שטאָדט פּראָג. אויפֿ'ן לאָרענצי-באַרג, וועלכער דערהויבט זיך אויף אַ הויכער הויך אויפֿ'ן ברעג פֿון דער מאָלדאַוואַ, האָט זיך פֿערזאַמעלט אַ גרויסער המון, ערוואַרטענדיג מיט אונגעדולד דאָס פֿאָרשטעהענדע שוישפּיעל.

דאָס בילד, וואָס האָט זיך פֿאָרגעשטעלט די צושויער פֿון לאָרענצי-באַרג אַראָב, איז ווירקליך געווען אַנ'ענטציקענדעס. די וואונדערשענע לאַנדשאַפֿט איז געלעגען אין העלסטער זונען-ליכטיגקייט. קיין וואָלקענדעל האָט נישט פֿערדונקעלט דעם טיעף-בלויען הימעל. אונטער די צושויער צו-פֿיסען שטראָמט זיך דער ליעבליכער טייך אין די רעהמען פֿון וויינבערגען און גאָרטענס אונטער די מעכטיגע, גרויסע בריקען, און אויף זיינע ביידע ברעגען ציהט זיך כמעט אונענדליך דער ים הייזער פֿון דער גרויסער שטאָדט, וואָס איהרע שלאַנקע טהורעמס דערהויבען זיך, דאַכט זיך, אין הימעל אַריין, וועהרענד דאָס ליעבליכע בילד ענדיגט זיך אין דערווייטען מיט'ן גרויסאַרטיגען האַרדשין, מיט'ן גוואַלטיגען ווישהערד און נאָך ווייטער — מיט די שנעע-ווייסע בערג, אויף וועלכע דער ווינטער-קעניג, פֿריהער ריך פֿאָן דער פֿאַלץ, האָט אַמאָל פֿערלאָרען זיין יונגע קרוין.

בּיסלעכווייז האָט דאָס טעלער'ל פֿון דער זון אָנגעהויבען זיך פֿערפֿינסטערן. אַ הויכער אויסרוף „אָהו!“ האָט זיך אַרויסגעריסען ביי אַלע צושויער און בעגריסט די זעלטענע נאַטור-ערשיינונג; אַלע האָבען געקוקט אויף דער העל-שטראַהלענדער טאָג-קעניגין דורך פֿעררויכערטע גלעזער. מיט געשפּאַנטער אויפֿמערקזאַמקייט האָט מען בעאָבאַכטעט, ווי דער זון-טעלער ווערט אַלץ מעהר פֿערדונקעלט און אויסגעשניטען דורך אַ שוואַרצען פֿלעק ווי אַ דאַשיק; ביסלעכווייז-ביסלעכווייז איז ענדליך די זון אינגאַנצען פֿערדעקט געוואָרען דורך'ן שוואַרצען פֿלעק. דאַן האָט די פֿינסטערניש איינגעהילט די גאַנצע לאַנדשאַפֿט און ס'האָט זיך דערהויבען אַ קיהלער ווינד. געדויערט האָט עס אָבער נור איין אויגענבליק. באַלד האָט די העלע זון ווידער אָנגעהויבען אַרויסטרעטען פֿון דער פֿערפֿינסטערונג און אַ קורצע צייט נאָכדעם האָט די זון ווידער געלויכטען אין הימעל אין איהר אונפֿערגלייכליכער שענהייט. דאָס שוישפּיעל האָט זיך געענדיגט, און דער עולם האָט אָנגעהויבען זיך פֿונאַנדערגעהן. אויך צוויי דאַמען האָבען זיך געלאָזען געהן צוריק אַהיים. איינע פֿון זיי, אַ יונג מיידעל פֿון אַ יאָהר אַכצעהן, האָט אין יענער צייט גע'שם'ט אַלס די גרעסטע שעהנהייט אין גאַנץ פּראָג. זי האָט אויך געהאַט אַ שטימע, וועלכע האָט געלעכען פֿער-

וואונדערט. איהר נאָמען איז געווען יאָזעפינאַ ווערטהיים און זי איז געווען די אײנציג
טאָכטער פֿונ'ם רייכען יודישען פֿרומען סוחר, יוסף ווערטהיים. יאָזעפינאַ איז געווען גו
געבילדעט און אין די קרייזען, וואו זי פֿלעגט אַריינקומען, זענען אַלע געווען פֿון איהר
העכסט ענטציקט. מען פֿלעגט איהר אָפֿט איינלאַדען אויף באַלער און מאָהלצייטען א
די רייכסטע הייזער, אָבער דער יודישער פֿרומער פֿאָטער האָט נור זעלטען איהר ער
לויבט אָנצונעהמען די איינלאַדונגען. און ווען ס'פֿלעגט פֿאָרקומען אַפּילו, אַז דער פֿרומע
פֿאָטער האָט איהר שוין נישט געקאָנט אָבזאָגען אָנצונעהמען אַן'איינלאַדונג אויף אַ חתונה
אָדער אַ הויזליכע שמחה ביי אַ נאָהענטען קרוב, פֿלעגט זיך באַלד וועגען דעם פֿערשפּריי
טען דער קלאַנג אין גאַנץ שטאָדט, און יעדער האָט זיך בעמיהט צו בעקומען אַי
אַן'איינלאַדונג, כדי צו זעהען דאָס וואונדער-קינד און הערען איהר געזאַנג.

יאָזעפינע'ס בעגלייטערין איז געווען איהר גובערנאַנטקע פֿרייליין בערנאַרדינע ברוי
פֿעלז, וועלכע האָט שוין זעקס יאָהר לאַנג איבערגענומען די אויפֿגאַבע צו ערציהען יאָ
זעפֿינען, זינט איהר מוטער איז געשטאָרבען. דער סוחר יוסף ווערטהיימער איז געווע
שטענדיג שטאַרק בעשעפֿטיגט און האָט נישט געהאַט קיין צייט אָבצוגעבען זיך מיט דע
ערציהונג פֿון זיין טאָכטער, וועלכע ער האָט אינגאַנצען איבערגעלאָזען דער גובערנאַנטקע

— אָה, וואָס פֿאַר אַ אינטערעסאַנט שוישפּיעל דאָס איז געווען!—האָט יאָזעפינאַ גע
זאָגט צו איהר גובערנאַנטקע, געהענדיג צוריק אַהיים נאָך דער לקוי-חמה.

— פֿאַר אונז איז עס דאָפּעלט אינטערעסאַנט—האָט די גובערנאַנטקע געענטפֿערט-
ווייל מיר זענען דאָך גענוי בעקאַנט מיט די געזעצען פֿון דער נאַטור און מיר שרעקע
זיך נישט אַבערגלויביש פֿאַר אַזעלכע נאַטור-ערשיינונגען. דאָ אין פּראַג — האָט די גובע
נאַנטקע גערעדט ווייטער—זענען די יודען נאָך גאָר נאַריש און אַבערגלויביש. ווי לעכע
ליך זיי קומען פֿאָר מיט זייער אָבהיטען אַלע יודישע מצוות, און ווי לעכערליך זענ
אַלע יודישע צערעמאָניעס אין דיין פֿאָטער'ס הויז! דו ווייסט דאָך, אַז איך בין געווע
פֿריהער אין פֿראַנקפֿורט אַם מאַין. דאָרט האָב איך אָפֿט געהאַט די געלעגענהייט
הערען דעם גייסטרייכען פּרעדיגער און דיכטער, דעם ראַבינער לעאָפּאָלד שטיין. ס'א
געווען אַ פֿערגעניגען צו הערען, ווי דער דאָזיגער אויפֿגעקלערטער מאַן האָט גערעד
וועגען די יודישע דינים, ווי ער פֿלעגט אָבלאַכען פֿון מילכיגע און פֿליישיגע לעפֿעל או
דערווייזען איבערצייגענד, אַז מען טאָר נישט עסען דאָס פֿלייש נור פֿון אַזאַ בהמה, וואָ
אַ חיה האָט צעריסען; ער פֿלעגט אויך דערווייזען אויף אַ גייסטרייכען אופֿן, ווי מען ברוי
זיך אָבצוזאָגען פֿון די פֿערשטיינערטע אותיות און טייער האַלטען נור דעם גייסט פֿון יודענטומ

די גובערנאַנטקע האָט זיך צערעדט מיט אַזאַ התלהבות, אַז זי האָט עס אָנגע
הויבען רעדען הויך, פֿיעל העכער ווי דאָס פּאַסט אויפֿ'ן מיטען גאַס. הינטער אונזער
ביידע דאַמען איז אָבער געגאַנגען אַ מענש, וועלכער האָט, נישט ווילענדיג, געהערט ד
ווילדע טענות געגען דער פֿרומער יודישקייט. דאָס איז געווען אַ געוויסער יצחק פֿאָרגעב
אַ פֿריינד פֿון יאָזעפינע'ס פֿאָטער און זעהר אַ פֿרומער יוד. ער האָט דעריבער געהאַלטע
פֿאַר זיין הייליגען חוב בעקאַנט צו מאַכען זיין פֿריינד מיט די פֿרייע אַנשויאונגען פֿ
זיין טאָכטער'ס לעהרערין.

ער איז באַלד אַריבערגעגאַנגען צו יוסף ווערטהיים! אין געשעפֿט אַריין.

— גוטמאָרגען, ווערטהיימער,—האָט ער געזאָגט אַרײַנקומענדיג—בּיזטו דען גאָרנישט נעגאַנגען זעהען די לקוי-החמה?

— גוט-מאָרגען, איטשעלע!—האָט יוסף ווערטהיימער געענטפערט—איך האָב בּעסער בּעאָבּאַכטעט די זעלטענע ערשײַנונג דאָ פון פענסטער אַרויס. מײַן טאָכטער דאַגעגען איז נעגאַנגען מיט איהר גוּבערנאַנטקע אויפ'ן לאָרענצי-בּאַרג. דאָס נאַרישע קינד האָט געקאָנט דאָ אויך אַלץ זעהען גאַנץ גוט, אָבער איך האָב איהר נישט געקאָנט פערבּאָטען אַזאַ שפּאַציערגאַנג, ווען איך האָב געזעהען, אַז דאָס מאַכט איהר שטאַרק פערגעניגען.

— אויך איך בּין געווען אויפ'ן לאָרענצי-בּאַרג — האָט פאָרגעס געזאָגט און געהענדיג צוריק, האָב איך נישט נור געזעהען דײַן טאָכטער מיט איהר לעהרערין, נאָר איך האָב אויך געגען מײַן ווילען נעהערט די לעהרערין רײדען און טאַקע צוליעב דעם בּין איך אַחער געקומען צו דיר. איך קאָן זיך פּראָסט נישט אָנוואונדערן, וואָס דו, וועלכער בּיזט דאָך אַזאַ פרומער יוּד, האַלסט פאַר דײַן טאָכטער אַ לעהרערין, וועלכע לאַכט אָב פון אונזער תורה און איהרע הײליגע געבּאָטען.

און פאָרגעס האָט איבּערגעגעבּען זײַן פרײַנד דעם גאַנצען געשפּרעך פון דער לעהרערין, וואָס ער האָט נישט ווילענדיג געהערט. יוסף ווערטהיימער האָט זיך שרעקליך דערשראָקען.

— אָה, רבּונו של עולם — האָט ער אויסגערופען — וואָס פאַר אַ שלאַנג האָב איך אַרײַנגעבּראַכט צו מיר אין שטובּ—די לעהרערין איז פריהער געווען אין אַ זעהר פרומען הויז אין פראַנקפורט אַם מאַין און דאָרט האָט מען זי מיר רעקאָמענדירט אויפ'ן בּעסטען אופן. אויבּ דו ערלויבּסט, איטשעלע, וועל איך איהר שוין לאָזען אַרײַנרופען און פאָדערן פון איהר אַנ'ערקלערונג.

יוסף ווערטהיימער האָט אָנגעקלונגען און בּעפוילען דעם אַרײַנקומענדען משרת צו רופען פרײַלײַן בּרוינפעלז אין קאַבּינעט צום בּעל הבּית, ווי נור זי וועט קומען אַהיים.

ס'האָט געדויערט נישט לאַנג, און דאָס פרײַלײַן איז אַרײַנגעקומען. ווערטהיימער האָט איהר דערלאַנגט אַ שטוהל און ווען זי האָט זיך געזעצט, האָט ער געזאָגט:

— פרײַלײַן בּרוינפעלז, זעקס יאָהר זענט איהר בּײַ מיר אין שטובּ און איך בּין מיט אײַער לערנען מיט מײַן טאָכטער שטענדיג געווען צופריעדען. צי דערמאָהנט איהר זיך נאָך, אַז ווען איהר זענט צו מיר אין שטובּ אַרײַנגענומען געוואָרען, האָב איך אײַך פאָרגעלעגט די פּרינציפּען, לויט וועלכע איך וויל ערציהען מײַן טאָכטער?

— געוויס, הערר ווערטהיימער.—האָט די גובערנאַנטקע געענטפערט—איהר האָט מיר געזאָגט דאַמאָלס, אַז איהר פערלאַנגט, אַז אײַער טאָכטער זאָל ערצויגען ווערען אין שטרענג יודישען גײַסט. איך האָב דאָס אויך גענוי ערפילט. איך האָב אײַער טאָכטער שטענדיג דערמאָהנט אין דער צײַט צו דאַווענען מנחה ומעריב. איך האָב איהר נישט ערלויבּט צו טראָגען שבּת אַ שירם, איך האָב איהר אָבּגעהיט פון עסען טרפות צי אין אַ יודישער קיך, צי אין אַ נישט-יודיש הויז, אַפילו נישט אַזעלכע טרפיות, וואָס נור די רבּנים האָבּען פערבּאָטען.

— פאָרגעס,—האָט ווערטהיימער געזאָגט—יעצט רייד דו.

— מײַן פרײַלין,—האָט יצחק פאָרגעס אָנגעהויבּען—ווען איהר זענט נור-וואָס נעגאַנ-

גען מיט אײַער שילערין צוריק פֿון דער לקוי-המה, האָט איהר זיך פֿונאַנדערגערעדט מיט אַזאַ פֿײַער, אַז איך האָב נישט-ווילענדיג געמוזט הערען אײַערע רייד, געהענדיג הינטער אײַך. און אָט האָב איך געהערט, ווי איהר האָט גערעדט וועגען די יודישע רעליגיעזע געבאָטען אין אַזאַ טאָן און אין אַזעלכע אויסדרוקען, וועלכע מען קאָן זעהר שווער צופּאַסען צו דעם, וואָס איהר האָט דאָ נור-וואָס ערקלערט...

די גיבערנאַנטקע איז געוואָרען שנײ-ווײַס. נאָר מיט גרויס מיה האָט זי זיך אײַנגעהאַלטען, ענדליך האָט זי מיט גרויס בעס געזאָגט:

— מײַן הערר, איך געפֿין, אַז עס איז העסליך פֿון אײַער זײַט אונטערצוהערען, וואָס אַ דאַמע רעדט און תיכף גיהן פֿערראַטען איהר.

— מײַן פֿרײַלין, — האָט יוסף ווערטהײַמער געזאָגט — דאָ האַנדעלט זיך גאָרנישט וועגען דעם. איך בעט אײַך נור מיר צו זאָגען, פֿאַרוואָס האָט איהר מיך אַזוי שווער און ביטער אָבגענאַרט?

— הערר ווערטהײַמער, — האָט די לערערין געענטפֿערט — איך האָב אײַך ניטט אָבגענאַרט. די בעדינגונגען, וועלכע איהר האָט מיר געשטעלט, האָב איך געטרײַ ערפֿילט. אָבער מײַנע אַנשויאונגען האָב איך נישט געקאָנט איבערמאַכען, אַפֿילו ווען איך וואָלט דאָס געוואָלט. איהר האָט דאָך נישט געפֿרעגט בײַ מיר, וואָס פֿאַר אַ אַנשויאונגען איך האָב, ווען איהר האָט מיך אין אײַער הויז אַרײַנגענומען. איך וואָלט אײַך געזאָגט דעם ריינעם אמת.

— צי האָט איהר אָבער געהאַט דאָס רעכט אַרויסצוזאָגען אײַערע אַנשויאונגען פֿאַר אַ יודישער טאָכטער, וועלכע האָט געדאַרפֿט ערצויגען ווערען אין שטרענגען יודישען גײַסט?

— מײַנע אַנשויאונגען זענען נישט געגען דעם יודענטום, איך פֿערשטעה דאָס יודענטום אַנדערש, ווי איהר, און מײַן דאָזיגע אויפֿפֿאַסונג האָב איך געמוזט אויסדריקען אין ווערטער, ווען איך האָב מיט מײַן שילערין געלערענט נאַטור-געשיכטע, היסטאָריע און פֿיעל אַנדערע זאַכען. איהר דאַרפֿט מיר קײן פֿאָרוואורף נישט מאַכען צוליעב דעם. מען קאָן קײן אידעען נישט אײַנשליסען אָדער פֿערשטויסען; צוליעב אַ שטיקעל ברויט, וואָס איך האָב בײַ אײַך אין שטוב געגעסען, האָב איך מײַנע איבערצײַגונגען נישט געקאָנט ענדערן.

— איהר זענט גערעכט, מײַן פֿרײַלײַן, איך דאַרף ווירקליך מאַכען פֿאָרוואורפֿען נור זיך אַלײן, פֿאַר וואָס איך האָב זיך אַזוי וועניג געקימערט וועגען דער ערציהונג פֿון מײַן טאָכטער. אָבער איהר דאַרפֿט דאָך פֿערשטעהן, אַז ווײַטער האַלטען אײַך בײַ זיך אין שטוב קאָן איך נישט. איך לאָז אײַך אויסצאָהלען אײַער געהאַלט פֿאַר אַ גאַנץ יאָהר און בעט אײַך, אַז איהר זאָלט נאָך הײַנט פֿערלאָזען מײַן הויז.

די גובערנאַנטקע איז אויפֿגעשטאַנען, זיך פֿערנויגט פֿאַר'ן בעל-הבית און איז אַרויסגעגאַנגען. דעם הערן פֿאָרנעם האָט זי אַפֿילו קײן בליק נישט געשאָנקען.

---

## 2. פֿערברעכערישע עצות.

— איך דאַנק דיר, איטשעלע, — האָט יוסף ווערטהײַמער געזאָגט, נאָכדעם ווי די גובערנאַנטקע איז אַרויסגעגאַנגען — דו האָסט מיר דערוויזען אַ גרויסען דיענסט. זאָל נור דער אויבערשטער געבען, אַז עס זאָל נאָך נישט זײַן צו-שפּעט.

— איך ווינש דאָס דיר פֿון גאַנצען האַרצען — האָט יצחק פֿאָרגעס געזאָגט, דערלאַנגענדיג זיין פֿריינד די האַנד און נעהמענדיג פֿון איהם אָבשיעד.

ווי נור פֿאָרגעס איז אַרויסגעגאַנגען, איז אַריינגעקומען יאָזעפֿינע.

— טאַטעו—האָט זי אויסגערופֿען—ציִ איז עס אמת, אַז דו האָסט מיין גוטע לעהרערין פֿערטריעבען מיט שאַנד און שפּאָט פֿון שטוב?

— בערוהיג דיך, מיין ליעב קינד—האָט וערטהיימער געזאָגט מילד—איך האָב דיין לעהרערין נישט געזידעלט, הלילה, און נישט אָבגעלאַכט פֿון איהר, ווי איך האָב זי בכלל נישט אַרויסגעטריבען. איך צאָהל איהר אויס איהר פֿולע שכירות פֿאַר אַ יאָהר און האָב איהר נור העפֿליך געבעטען, אַז זי זאָל היינט פֿערלאָזען מיין הויז.

— אָט דאָס איז דאָך דאָס! נעהמסט און וואַרפֿסט אַרויס אַ מענשען פֿלוצלונג פֿון שטוב! וואָס וועט מען וועגען איהר טראַכטען? ציִ וועט מען דען נישט זאָגען, אַז זי איז מכתם בעגאַנגען אַ פֿערברעכען? און פֿאַרוואָס האָסטו זי אַרויסגעטריבען? דערפֿאַר וואָס דער שרעקליכער פֿאָרגעס האָט דיר איבערגעגעבען, ווי אַ רכילות׳ניק אַן׳אונשולדיג וואָרט, וואָס זי האָט גערעדט!

— אַן׳אונשולדיג וואָרט?

— געוויס, טאַטע! דו מוזט וויסען, אַז איך האַלט זיך אויך ביי דערזעלבער מיינונג ווי מיין לעהרערין. אויך איך לאַך מיך אויס פֿון די מילכיגע מיט די פֿליישיגע לעפֿעל. דער אויבערשטער האָט געבאָטען: „דו זאָלסט נישט קאָכען קיין ציגעלע אין דער מילך פֿון איהר מוטער“. און פֿון אָט דעם פּאָסוק, רחמנות׳דיגען פֿערבאָט האָבען די רבנים אַרויסגעדרונגען אַ גאַנצען קאָדעקס דינים.

— מיין ליעב קינד! ס׳איז מיר אַ וועהטאָג אין האַרצען צו הערען, ווי דו רעדסט אַזעלכעס. דו האָסט געשעפּט די דאָזיגע פֿערדערבליכע אָנשוי׳אונגען פֿון׳ם אונריינעם קוואַל פֿון דער פֿאַלשער וויסענשאַפֿט, וואָס ס׳האָט דיר געעפֿענט אַ נאַריש מיידעל. דער אויבערשטער האָט אונז אין זיין היילינגער תורה גאָרנישט געוואָלט געבען קיין צערטליכע פּאָעטישע געבאָטען, ווי דיין לעהרערין האָט געזאָגט, נאָר ערנסטע, שטרענגע לעבענס-געזעצען, און דאָס, וואָס די רבנים האָבען אונז געלערנט וועגען פֿליישיגס און מילכיגס, שטאַמט אונמיטעלבאַר פֿון דער תורה שבכתב און תורה שבעל-פּה, וועלכע דער אויבערשטער האָט אונז געגעבען.

— אויב דו גוסט אַרויסטרייבען בערנאַרדינע׳ן, געה איך מיט איהר צוזאַמען. איך וויל אַריינטרעטען אין טעאַטער. די גאַנצע וועלט בעוואונדערט מיין שטימע. איך וועל חערען אַ בערימהטע זינגערין.

יוסף ווערטהיימער איז אויפֿגעשפּרונגען פֿון אָרט.

— מיין קינד—האָט ער אויסגערופֿען — לאָמיך מעהר אַזאַ נאַריש וואָרט פֿון דיר נישט הערען! איידער איך וועל איינשטימען, אַז דו זאָלסט געהן אויף דעם קרומען וועג, וועל איך דיך בעסער דערשטיקען מיט די אייגענע הענד!

יאָזעפֿינאַ האָט זיך נישט געלאָזט אָבשרעקען.

— אויף אַ קרומען וועג!—האָט זי אויסגערופֿען — ציִ איז עס דען אַ קרומער וועג

װען מען װידמעט זיך דער קונסט? צי האָט דען ניט געזונגען דאָ ניט לאַנג גרעפֿין ראָס, װעלכע האָט אָנגעהויבען איהר קאַריערע אַלס העגריעטע זאָנטאַג?

יוסף װערטהײמער האָט זיך אָנגעטהון אַ כח און זיך בערוהיגט.

— מײן קינד—האָט ער מילד געזאָגט—ס'איז גאַנץ מעגליך, אַז פֿאַר ניט-יודען איז דאָס אַ גאַנץ עהרענפֿולע זאַך צו װידמען זיך, װי דו רופֿסט עס אָן, דער קונסט. מיר אָבער, מיר יודען האָבען צו ערפֿילען גאַנץ אַנדערע לעבענס-אויפֿגאַבען. מײן געליעבט-קינד, מײן געליעבט קינד, מײן אײנציגע נחמה! דו אַלײן ביזט בײ מיר איבער-געבליבען, נאָכדעם װי דער אויבערשטער האָט בײ מיר צוגענומען מײן פֿרוי און מײנע דרײ האָפֿנונגספֿולע זיהן. איך האָב דאָך אויף דער װעלט ניט קײן אַנדערע זאַך, אויסער דיך. און פֿונדעסטװעגען האָב איך זיך אַזוי װעניג אָפּגעגעבען אַלײן מיט דײן ערציהונג און האָב דיך אָנגעטרויט פֿרעמדע הענד. אַה, װאָס פֿאַר אַ ביטערע פֿאָרװאורפֿען איך מוז מיר מאַכען!

דער שטאַרקער מאַן האָט פֿערדעקט די אויגען מיט בײדע הענד און אָנגעהויבען ביטערליך צו װײנען.

יאָזעפֿינע האָט זיך דערשראָקען, נאָך קײנמאָל האָט זי ניט געזעהען װײנען איהר פֿאָטער, אויסער בײם טויט פֿון איהר מוטער—װעגען איהרע ברידער האָט זי זיך ניט געקאָנט דערמאָהנען, װײל זי איז נאָך גאָר אַ קינד געװעזען, װען זײ זענען געשטאָרבען.

יאָזעפֿינע איז צוגעגאַנגען נאָהענט צו איהר פֿאָטער, האָט בײ איהם אַראָבגענומען די הענד און געקושט זײ.

— טאַטעשי!—האָט זי געזאָגט—װײן ניט. איך בין געװען אונרעכט געגען דיר, איך האָב דיך צו-שטאַרק געקרענקט. אָבער אפֿשר װעסטו מיר פֿאָרט ערלויבען צו האַלטען בײ זיך פֿרײלײן ברוינפֿעלז?

— נײן!—האָט װערטהײמער געענטפֿערט ענטשיעדען,—אונטער קײן בעדינגונג ניט! דו ביזט שוין יעצט גרויס גענוג, דו ברויכסט מעהר ניט קײן גובערנאַנטקע.

— טאָ זאָל זי בלײבען בײ מיר, אַלס קאָמפּאַניאָנקע.

— איך װעל דיר בעזאָרגען אַנ'אַנדער קאָמפּאַניאָנקע. איבריגענס ביזטו, ליעב קינד, שוין אין אַזעלכע יאָהרען, װען ס'איז צײט צו טראַכטען װעגען אַ פּאַסענדען שידוך פֿאַר דיר און געבען דיר אַ גוטען, עהרליכען, פֿרומען מאַן.

— פֿאָטער!—האָט יאָזעפֿינאַ אויסגערופֿען אין שרעק—דאָס װעסטו מיר ניט טהון! דו װעסט דאָך ניט װעלען װערען אַ טיראַן איבער מײנע געפֿיהלען! איך ערקלער דיר אײן מאָל פֿאַר אַלע מאָל: קײנמאָל װעל איך זיך ניט לאָזען אָנװאַרפֿען אַ מאַן!

— נאַריש קינד—האָט דער פֿאָטער אויסגערופֿען—איך האָב גאָר ניט אין זינען דיר אָנצוװאַרפֿען אַ מאַן מיט געװאַלד. איך װעל זיך נור אַרומקוקען, איך װעל זוכען, די אויסקלויבערין אָבער װעסטו זײן אַלײן. אויב דו װעסט ניט װעלען נעהמען דעם, װעמען איך װעל אויסקלײבען, װעסטו זיך קאָנען אויסקלײבען אַנ'אַנדערען, װעלכער װעט מעהר חן האָבען אין דײנע אויגען. און יעצט גיה, מײן ליעב קינד, גיה און לאָז מיך אַלײן, נױ-טיגע געשעפֿטען פֿאָדערן מיך אין קאַנטאָר.

יאָזעפֿינאַ איז אַװעקגעגאַנגען.—

פֿון איהר פֿאָטער איז עס געווען אַ גרויסער פֿעהלער, וואָס ער האָט זי ווידער איבערגעלאָזען אַליין צוזאַמען מיט איהר גובערנאַנטקע. איהם האָבען, לויט זיין מיינונג, געפֿאָדערט וויכטיגע געשעפֿטען, דען קיין געשעפֿט האָט פֿאַר איהם נישט געזאָלט זיין אַזוי וויכטיג, ווי צו היטען זיין טאָכטער און ווידער אויסבעסערן דאָס, וואָס ער האָט געפֿעהלט געגען איהר. ער האָט נישט געדאַרפֿט דערלאָזען, אַז זי זאָל אַפילו קיין איינציג מאָל זיך נישט צוזאַמענקומען מעהר מיט דער גובערנאַנטקע, וועלכע האָט שוין געהאַט אויף איהר אַזאַ פֿערדערבליכען איינפֿלוס. אַנשטאָט דעם אָבער, האָט ער זי אָבגעשיקט צוריק אין שטוב אַריין, וואו די גובערנאַנטקע איז נאָך געווען, און אָט האָט זי דאָרט מיט איהר געהאַט איהר לעצטען געשפּרעך...

— נישט אמת?—האָט די גובערנאַנטקע אויסגערופֿען—דו האָסט ביי דיין טיראַנישע-פֿאָטער מיט זיינע נאַרישע אַבערגלויבענס נישט איבערצייגט?—ער לאָזט זיך נישט אין בערעדען און מיר מוזען זיך שיידען, יאָ?

— ער לאָזט זיך נישט איבערריידען—האָט יאָזעפֿינאַ געענטפֿערט מיט אַ געוויין.—איך האָב גלייך אויסגענוצט די געלעגענהייט פֿאָרצולעגען איהם מיין פּלאַן, צו ווידמען זיך דער קונסט און אַריינטרעטען אַלס זינגערין אין טעאַטער. ווען מיין פֿאָטער האָט דאָס דערהערט, האָט זיך אין איהם אָנגעצונדען אַ גוואַלטיגער צאָרן און ער האָט מיך געסטראַשעט, אַז ער וועט מיך מיט זיינע אייגענע הענד דערשטיקען.

— אָה, דער טיראַן, דער בעגרענצטער, אַבערגלויבישער מאַן!

— און צי ווייסטו, בערנהרדינע, וואָס פֿאַר אַ פּלענער ער האָט וועגען מיר? ער וויל מיך חתונה-מאַכען. ער וועט מיר געבען אַ מאַן עפּיס אַ קליין-קעפּעלדיגען, נאַרישען סוחר'ל און מיך צווינגען חתונה צו האָבען מיט אַ מענשען, וועלכער האָט קיין בעגריף נישט פֿון דער הימלישער קונסט! אָבער ער האָט אַ טעות: אין דער מאָלדאַוואַ וועל איך זיך בעסער אַריינוואַרפֿען, אין די טיעפֿסטע ערטער פֿון דער מאָלדאַוואַ, איידער זיך לאָזען צווינגען צו עטוואָס.

— דו ביזט אַ נאַריש קינד—האָט די גובערנאַנטקע געזאָגט—קום אַהער, זעץ זיך אַגידער און לאָמיר דורכשמועסען זיך וועגען דער זאַך, כל זמן מען שטערט אונז נישט.

— זאָג מיר נור קודם כל—האָט בערנאַרדינע גערעדט ווייטער—צי ביזטו טאַקי ווירקליך ענטשלאָסען אַריינצוטרעטען אין טעאַטער?

— דו קאָנסט נאָך פֿרעגען ביי מיר, בערנהרדינע? ווי אָפֿט האָסטו מיר אַליין געזאָגט, אַז עס איז אַ זינד, ווען איך וועל נישט אָבגעבען דער וועלט די הערליכסטע מתנה, וואָס די נאַטור האָט מיר געגעבען,—מיין אַלטאָווע שטימע, וועלכע אַלע בעוואונדערען אַזוי שטאַרק? צי איז דען פֿאַרהאַן עטוואָס שענערעס, ווי צו ענטציקען די גאַנצע וועלט און בעשאָטען ווערען דורך אַלעמען מיט אַפּלאָדיסמענטען? ווי אָפֿט האָב איך מקנא געווען די פֿרוי ליגר, ווען איך האָב געלעזען אין די צייטונגען, ווי זי האָט געמאַכט איבער גאַנץ אייראָפּאַ איהר טריאומף-רייזע, ווי מען האָט איהר געמאַכט די גרעסטע אָוואַציעס, ווי דער קייזער און די קעניגען האָבען זי בעוואונדערט, ווי די סטודענטען האָבען אויסגעשפּאַנט די פֿערד פֿון איהר וואָגען און אַליין געפֿיהרט זי אין טריאומף איבער די גאַסען! און ווען מען האָט דאָ נישט לאַנג גערופֿען די גרעפֿין ראָסי איין נעטער-קינד

וועלכע האָט דאָך געהייסען נישט מעהר, ווי העגריעטע זאָנטאַג, — צי האָבען דען נישט אַלע דאַמאָלס געזאָגט, אַז מיין שטימע איז פיעל שענער, רײנער און צום האַרצען געהענדער פאַר איהר שטימע?

— דו ביזט גאַנץ געראָכט! איך גלויב, אַז דיר שטעהט-פאַר אַ נאָך פיעל גרעסערער ערפאָלג, איידער די ליגד און זאָנטאַג האָבען געהאַט. אָבער ווי אַזוי מיינסטו מנצח צו זיין דיין פאָטערס ווידערשטאַנד? דו האָסט דאָך מיר אַליין גור-וואָס איבערגע׳חזר׳ט דיין פאָטער׳ס ווערטער, אַז ער וועט דיך בעסער מיט די אייגענע הענד דערשטיקען, איידער צו ערלויבען דיר צו געהן אין טעאַטער זינגען.

— איך וועל אַנטלויפען.

— נאַריש, אונערפאַהרען קינד! צי וואָס וועט דיר דאָס נוצען? דיין פאָטער וועט דיך געפינען און מיט זיין פאָטער-רעכט וועט ער דיך אַראָבנריסען פון דער פאָרשטעלונג. קיין אָרט, ווי ווייט עס זאָל אויך זיין, וועט דיך נישט קאָנען פערבאָרגען פון איהם, בפרט, אַז ער וועט דאָך שטענדיג וויסען, וואו צו געפינען דיך, דען דו קאָנסט דאָך נישט זינגען בעהאַלטענערהייד! אַפילו ווען דו זאָלסט אַ פרעמדען נאָמען אָננעהמען, וועט ער באַלד דערגעהן, ווער דו ביזט, און די געזעצען פון אַלע מלוכות וועלען איהם געבען דאָס רעכט איבער זיין מינדעריעהריגער טאָכטער.

— יאָ, וואָס-זשע טהוט מען?

— הער מיך צו, קינד! דער איינציגער וועג פאַר דיר צו קומען צו דער פרייהייט איז דורך דער אונפרייהייט.

— איך פערשטעה דיך נישט, בערנאַרדינע.

— דו האָסט מיר פריהער געזאָגט, אַז דיין פאָטער וויל דיך התונה מאַכען, דו אָבער הילסט אַרויסטרעטען געגען איהם. אויב דו ווילסט מיר פאָלגען, זאָלסטו זיך נישט שטעלען געגען זיינע פלענער און בעסער התונה-האָבען מיט׳ן ערשטען מאַן, וואָס ער וועט דיר געבען, וואָס פראָסטער, בעגרענצטער און אַבערגלויבישער דער דאָזיגער יוד וועט זיין, איז אַלץ בעסער.

— אָבער, בערנהרדינע...

— לאָז מיך אויסריידען, קינד! ווען דו וועסט זיין אַ פרוי פון אַזאַ מאַן, זאָלסטו אָנהייבען עובר זיין אויף אַלע יודישע צערעמאָניעס; ער וועט דיר נעבען גט און דו וועסט דאַן זיין פריי און וועסט קאָנען ווידמען זיך אינגאַנצען דער הימלישער קונסט. און דאַן—נישט אמת, יאָזעפינע?—דאַן וועסטו שיקען נאָך מיר, כדי איך זאָל זעהען דיין טריאומף. דאַן וועלען מיר פאָהרען פון איין שטאָדט אין די אַנדערע און איך וועל זעהען, ווי מען וועט בעגלייטען דיין וועג מיט פאַקעלן, ווי מען וועט סערענאַדעס זינגען אונטער דיינע פענסטער; דאַן וועל איך זיצען נעבען דיר און וויינען, ווען די איידעלסטע יחוס-יונגע-לייט וועלען די פערד אויספאַנגען כדי אַליין צו פיהרען דיך אין טריאומף; דאַן וועל איך דיך בעגלייטען אויף די מאָהלצייטען, אויף וועלכע ס׳וועלען דיך איינלאַדען די געטער פון דער דאָזיגער ערד, די פירשטען און מאַגנאַטען; דאַן וועט דיין פאָטער טיעף חרטה האָבען, פאַרוואָס ער האָט מיך אַרויסגעטריבען פון זיין הויז.

— אָה, דו איינציגע, הימלישע בערנהרדינע! אזוי קלוג ווי דו, איז נאך נישט קיין מענש אויף דער וועלט!

— און דו וועסט מיין עצה פאָלגען, קינד?

— דיין עצה איז גוט, זעהר גוט און וועט פיה־ען, ווי עס שיינט אויך זיכער צום ציעל. אָבער...

— איך ווייס וואס דו ווילסט זאָגען. דאס איז געגען דיין אידעאַל חתונה צו האָבען אויף אַזאַ אופן, צוליעב אַ געוויסען ציעל און כדי דערנאָך ווידער צו לאָזען זיך שיידען. אָבער דער, וואָס וויל זיך ווידמען דער קונסט און געטראָגען ווערען צו די געטער דורך די אַפּלאָדיסמענטען פון דער מאסע, דער מוז זיך אָבזאָגען פון געוועהנליכען גליק אויף דער וועלט.

— און ווי וועט זיין, אז דער, מיט וועמען איך וועל חתונה האָבען, וועט מיך נישט לאָזען פריי? דאַן וועל איך אויף אייביג זיין געבונדען מיט אַ מאַן, וועלכען איך האָב נישט ליעב און מיין ציעל אַריינצוטרעטען אין טעאַטער וועל איך אויך נישט האָבען דערגרייכט.

— ליעב קינד, דאָס הענגט־אָב פון דיר אַליין. אז דיין מאַן זאָל דיך פריי לאָזען, דו קאָנסט איהם מאַכען אַ גיהנם פון זיין לעבען אַזוי, אז ער וועט זיך שפּירען גליקליך צו קאָנען פטור ווערען פון דיר. אויפ׳ן ערגסטען פאַל וועסטו זיך אָבזאָגען פונ׳ם נדן, וואָס דיין פאָטער וועט דיר האָבען געגעבען. פאַר דיר איז דאָך דאָס אַ קלייניגקייט, דען דו האָסט דאָך מיליאָנען אין דיין האַלז.

נאָך לאַנג האָבען ביידע הבר׳טעס געשמיעדט זייערע נישט שענע און נישט יודישע פּלענער וועגען דער צוקונפט, ביז ס׳איז געקומען די צייט, ווען זיי האָבען זיך געמוזט צושיידען.

---

## 3 די פּרוכטען פון דער שלעכטער לעהרערין.

יוסף ווערטהיימער האָט פערבראַכט אַ שלאָפלאָזע נאַכט. אָהן רוה איז ער געלעגען אויף זיין בעט, געוואָרפען זיך פון איין זייט אויף דער אַנדערער און געהאַלטען אין איין טראַכטען, ווי אזוי ער זאָל אָבגעוואוינען זיין טאָכטער פון די פערדערבליכע געדאַנקען, וועלכע די גובערנאַנטקע האָט ביי איהר איינגעפּלאַנצט. אין דערזעלבער צייט האָט ער אויך געקומען זיך דערמאָהנען אָן די בעקאַנטע יונגע לייט אין שטאָדט, פון וועלכע ער וואָלט זיך געקאָנט אויסקלייבען אַנ׳איידעם פאַר זיין טאָכטער. אין שטאָדט זענען געווען פיעל יונגע לייט, פרומע און געבילדעטע קינדער, פון אַנשטענדיגע משפחות און זיי וואָלטען עס געהאַלטען פאַר אַ גליק צו ווערען זיין איידעם, אָבער קיינער פון זיי איז נישט געווען לויט זיין געשמאַק. איינער איז געווען ווייניג לעבהאַפט, דער אַנדערער — צו־לעבהאַפט; איינער איז געווען צו־ווייניג בעל־תורה, דער אַנדערער — צו־ווייניג בעל־הלכה; איינער — צו־פיעל פערנאַנט, דער אַנדערער — צו־ווייניג געשליפען, עטוואס רויהליך; מאָמער האָט איך שוין יאָ געפונען איינער, וואָס וואָלט ביי אידם נושא־חן זיין, האָט ווערטהיימער געקאָנט לייכט פאָרויסזעהן, אז זיין טאָכטער וועט ער נישט געפעלען, ענדליך האָט זיך דערמאָ־

הײמער בעשלאָסען צו געהן מאָרגען פריה צום רב, דעם בעוואוסטען ראַפּאָפּאָרט און אָנ-פּערטרויען איהם זיין ענמת-נפש און בעטען ביי איהם, אויפ'ן פאַרצייטיגען שטייגער, אַ חתן פאַר זיין טאָכטער. דער פּראָגער רב האָט דאַמאָלס געוואוינט אויף זומער-וואוינונג. יוסף ווערטהײמער האָט דעריבער אויף צו-מאָרגענס באַלד נאָכ'ן דאַווענען עטוואָס איבערגעביסען און זיך געלאָזען פיהרען צום רב. דער רב האָט אויסגעהערט די געשיכטע פונ'ם פרומען יודישען באַנקיר און איז מיט איהם געווען גאַנץ איינשטימיג. נאָך אַ קורצען נאָכדענקען האָט ער איהם רעקאָמענדירט אַ יונגען תלמיד-חכם פון ראַבינער-סעמינאַר, וועלכער האָט שוין געהאַט אויך אַ דאָקטאָר-דיפּלאָם פון דער אוניווערזיטעט, מיט'ן נאָמען אַלטשילער. לויט דער עצה פונ'ם רב, האָט דער באַנקיר געדאַרפט אַריינפיהרען דעם יונגען מאַן צו זיך אין שטוב אַלס העברעאישען לעהרער פאַר זיין טאָכטער. דערביי זאָלען ביידע יונגע לייט גאָרנישט וויסען וועגען דעם געפּלאַנטען שידוך, נאָר מען זאָל דער זאַך לאָזען געהן מיט איהר נאַטירליכען גאַנג.

יאָזעפינע האָט בכלל שטאַרק חשק צום לערנען און דעריבער האָט זי אויפגענומען זעהר גערן איהר פאָטער'ס ערקלערונג, אַז ער נעהמט פאַר איהר אַ העברעאישען לעה-רער, און דער יונגער דאָקטאָר אַלטשילער האָט באַלד אָנגעהויבען צו געבען לעקציעס יאָזעפינען. דער דאָקטאָר אַלטשילער, אַ יונגערמאַן זעהר אַ פרומער, האָט זיך בעמיהט איינ-צופּלאַנצען אין זיין שילערין נישט בלויז די ידיעה פון דער העברעאישער שפּראַך, נאָר אויך די ליעבשאַפט צו דער תורה, צום יודישען פאָלק און צו דער יודישער טראַדיציע. אַלטשילער האָט אין דער הינזיכט געהאַט ערפאָלג, דען יאָזעפינע האָט גערן געהערט זיינע ערקלערונגען און ווען זי פלעגט אַפילו אָפט אויך שטעלען זיך אַנטקעגען און פער-טיידיגען איהרע אייגענע געדאַנקען, וועלכע זי האָט געהאַט פון איהר פריהערדיגער לעה-רערין, פלעגט זי דאָך פונדעסטוועגען גאַנץ אָפט אויך לאָזען זיך איבערצייגען דורך די ערקלערונגען פון דאָקטאָר אַלטשילער.

די גוטע כונה פון יוסף ווערטהײמער האָט זיך אָנגעהויבען פערווירקליכען, אָבער נור אויף דער העלפט. דער יונגער לעהרער האָט דערשפירט אַ טיעף געפיהל פאַר זיין זעלטענער שילערין; ער איז אָבער געווען צו-עהרליך, כדי צו וועלען נושא-חן זיין ביי דער טאָכטער געגען דעם ווילען, אָבער אַפילו אָהן דעם וויסען פון איהר פאָטער.

אין אַ געוויסען טאָג איז דאָקטאָר אַלטשילער אַריינגעקומען אין פּריוואַטען קאַבינעט פונ'ם רייכען באַנקיר.

— הערר ווערטהײמער — האָט ער געזאָגט — איך דאַנק אייך הערצליך פאַר'ן צוטרוי, וואָס איהר האָט מיר אַרויסגעוויזען; איך מוז אייך אָבער ערקלערען צו מיין בעדויערן, אַז איך קאָן מעהר נישט געבען קיין לעקציעס אייער טאָכטער.

— פאַרוואָס עפּיס? — האָט דער פאָטער געפרעגט — דאַכט זיך, אַז מיין טאָכטער איז אַ פלייסיגע שילערין און זי האָט אייך נישט געגעבען קיין געלעגענהייט, צו זיין מיט איהם אונצופריעדען. אָדער אפשר האָט איהר נישט געקענט צייט מיט איהר צו לערנען, ווייל איהר ברויכט אַליין צו לערנען? אָדער זיך אייך אפשר צו-קליין דער האָנאָראַר, וואָס איך גיב אייך?

דער יונגער מאַן איז געוואָרען אונרוהיג. ס'איז איהם שווער געווען אַרויסצוזאָגען, וואָס ער האָט געהאַט אויפ'ן הארצען.

— הערר ווערטהיימער—האָט ער געזאָגט נאָך אַ לאַנגער פּויזע — ס'איז מיר זעהר שווער אייך אָנצעווייזען די סבּה, פאַרוואָס איך מוז זיך אָבזאָגען פון דער לעקציע בּיי אייער טאָכטער. איך בּעט אייך, בּעפרייט מיך דערפון.

— און איך—האָט דער בּאַנקיר געענטפערט קלייבּענדיג נחת פון'ם יונגען דאָקטאָר'ס צניעותדיגקייט—איך פאָדער דוקא, אַז איהר זאָלט מיט מיר ריידען אָפענהערציג.

— הערר ווערטהיימער—האָט דער יונגערמאַן געזאָגט, אָנטהוענדיג זיך אַ כח — איך בּין אַ זוהן פון פרומע, עהרליכע און בּראַווע אָבער אָרימע עלטערן. כמעט נאָך אַלס קינד בּין איך געקומען קיין פּראָג און האָב דאָ געהאַט אויף מיינע הוצאות פון געבּען לעקציעס. זינט איך האָב בּעקומען לעקציעס אין רייכערע הייזער האָב איך געקאָנט אויך עטוואָס אָבשפּאָרען צו שטיצען מיינע עלטערן און שוועסטער און בּרידער. ווי אַזוי קאָן איך אַלזאָ, דערהויבּען מיינע אויגען צו דער טאָכטער פון אַ רייכען בּאַנקיר? אָבער איך שפּיר עס: איך פערליער מיין רוהיגקייט פון-טאָג צו טאָג און דערפאַר זעה איך זיך געצוואונגען אָבצוזאָגען זיך פון מיינע לעקציעס.

— איהר זענט אַ בּראַווער מאַן—האָט הערר ווערטהיימער געענטפערט, דערלאַנגענדיג דעם יונגען דאָקטאָר זיין האַנד'—קיין בּעסערן איידעם ווינש איך זיך נישט. זעהט נושא-חן צו זיין בּיי מיין טאָכטער און אויב דאָס וועט אייך געלינגען, וועל איך מיט פערגעניגען געבּען אייך מיין בּרכה.

אַלטשילער האָט דאַנקבּאַר און מיט דער גרעסטער וואַרימקייט געדריקט די האַנד דעם בּאַנקיר. דאַן איז ער אַריינגעגאַנגען אין צימער צו זיין שילערין, צו געבּען איהר די לעקציע.

מען קאָן זיך פאָרשטעלען, אַז ער איז דאָסמאָל געווען זעהר צוטראָגען בּעת דער לעקציע.

בּיי דער לעקציע איז שטענדיג געווען געגענווערטיג אַן'אַלטע דאַמע, אַ ווייטע קרובה, וועלכע ווערטהיימער האָט צוגענומען פאַר אַ קאָמפּאַניאָנקע פאַר זיין טאָכטער, זינט ער האָט אַוועקגעשיקט די גובערנאַנטקע. אין דער געגענוואַרט פון דער דאַמע האָט ד"ר אַלטשילער נישט געקאָנט ריידען וועגען דעם, וואָס איהם האָט געפרעסט אויפ'ן הארצען; אָבער אָט האָט מען די דאַמע עפּיס אַרויסגערופען. ד"ר אַלטשילער האָט פערמאַכט דאָס ספר, וואָס איז פאַר איהם געלעגען.

— אַזוי פריה ווילט איהר שוין הײנט ענדיגען די לעקציע? — האָט יאָזעפינע געפרעגט—וואָס איז עס מיט אייך? איך בּעמערק שוין די גאַנצע צייט, אַז איהר זענט עפּיס היינט צוטראָגען און זעהר אויפגערעגט.

— יאָ, מיר מוזען ענדיגען די לעקציע, מעגליך גאָר אויף שטענדיג.

— אויף שטענדיג? פאַר וואָס דען? וואָס קומט דאָ פאָר?

— הערט מיך נור אויס. צי דאַרף איך אייך דען זאָגען, אַז דאָס פערברענגען מיט אייך האָט געמאַכט אויף מיר אַ שטאַרקען איינדרוק? און אָט וועט איהר דאָך געוויס אַרויסטרייבּען דעם אונפערשעמטען לעהרער, דעם אָרימען, אונבּערייטענדען מענשען, וועל

בער האָט זיך ערלויבט אויפֿצוהייבען די אויגען אויף אַ רײַכע שילערין, וועלכע איז וועד־צו זײַן אַ פֿירשטין!

— מײַן פֿרײַנד! — האָט יאָזעפֿינע געענטפֿערט ערנסט — איך עהרע און שעץ אײַך זעהר; איך עהרע אײַער גרויסע וויסענשאַפֿט און שעץ אײַער אידעלען כאַראַקטער. און כאָטש מײַן האַרץ איז אײַך ערגעבען נישט מעהר, ווי יעדער אַנדער פֿרעמדען מענשען, וואָלט איך מיך פֿונדעסטוועגען געקאָנט ענטשליסען צו ווערען אײַער פֿרוי, אויב איהר זאָלט נור וועלען אײַנגעהן אויף די בעדינגונגען, וועלכע איך בין געצוואונגען צו שטעלען מײַן קינפֿטיגען מאַן, אויב אונזער בונד זאָל נור זײַן גליקליך.

ד״ר אַלטשילער האָט געקוקט מיט פֿערוואונדערונג אויפֿ׳ן באַנקיר׳ס טאָכטער.

— בעדינגונגען? — האָט ער געפֿרעגט — איהר קאָנט מיר שטעלען וועלכע בעדינגונגען איהר ווילט, איך נעהם זיי אָן אַלע פֿאָרויס.

— אײַלט זיך נישט מײַן פֿרײַנד, טאַקי דערפֿאַר וואָס איך עהרע אײַך און שעטצע, נעהם איך נישט אָן אײַער אײַלענדע הבטחה. פֿריהער הערט און דערנאָך אורטהיילט.

— מײַן ערשטע בעדינגונג — האָט יאָזעפֿינע ווײַטער געזאָגט צו איהר לעהרער — איז, אַז מײַן מאַן זאָל מאַכען מיט מיר אַ לאַנגע רײַזע קײן בערלין, קײן פּאַריז, קײן רוים, וואָס ווײַטער איז בעסער.

— איהר פֿערוואונדערט מיך, פֿרײַלין, פֿאַרוואָס ווילט איהר, די בת יחידה, פֿער־לאָזען אײַער אַלטען, עהרווירדיגען פֿאָטער, וועלכער ליעבט אײַך אַזוי שטאַרק? פֿונדעסט־וועגען, אויב אַזאַ רײַזע איז דורכאויס נויטווענדיג פֿאַר אײַער גליק, בין איך גרייט צו ערפֿילען אײַער וואונש און פֿיהרען אײַך, אַלס מײַן פֿרוי כאָטש אין עק וועלט.

— הערט אָקאָרשט מײַן צווייטע בעדינגונג, דאַן וועט איהר פֿערשטעהן, פֿאַרוואָס איך וויל און מוז זיך דערווײַטערן פֿון מײַן פֿאָטער. איהר האָט נאָך נישט געהאַט די געלעגענהײַט צו הערען מיך זינגען. די נאַטור האָט מיך בעשאָנקען מיט אַ נ׳אַלטאָווער שטימע, וועלכע אַלע בעוואונדערן. די בעסטע לעהרער האָבען אויסגעבילדעט מײַן דאָזיגע שטימע אין יעדער ריכטונג, לויט דער פֿאָדערונג פֿון דער הימלישער קונסט. אַלע זאָגען, אַז ס׳וואָלט געווען אַ זינד און אַ נ׳אומרעכט פֿון מײַן זײַט, ווען איך זאָל אַזאַ מתנה פֿון דער נאַטור נישט אויסנוצען צום ענטציקען פֿון דער מענשהײַט. איך אַלײן בין אויך זעהר דורשטיג נאָך רוהם, נאָך כבוד און אַפּלאָדיסמענטען. איך וויל האָבען אויך אַזעלכע טריאומפֿען, ווי הענריעטאַ זאָנטאַג און דזשעני לינד. און אָט דעריבער שטעל איך מײַן צווייטע בעדינגונג: מײַן קינפֿטיגער מאַן מוז מיר ערלויבען אַרויסצוטרעטען אין טעאַטער עפֿענטליך אַלס זינגערין.

דער יונגער דאָקטאָר האָט זיך דערשראָקען.

— צי ווייסט איהר — האָט ער אויסגערופֿען — אַז אַזאַ שריט פֿון אײַער זײַט וועט בריינגען צו דער ערד פֿאַר יסורים און עגמת־נפֿש דעם גראָהען קאָפּ פֿון אײַער פֿאָטער?

— ווי מײַן פֿאָטער וועט די זאַך אויפֿנעהמען, דאָס איז זײַן זאַך. איך קאָן זיך נישט בעשליסען אַנדערש. מײַן פֿאָטער מיינט, אַז דורכ׳ן התונה מאַכען מיך וועט ער מיך בינדען אַ שטײַגער, ווי איך האָב דען נישט פֿערשטאַנען תיכּף, וואָס פֿאַר אַ כונה ער האָט געהאַט מיט׳ן אַרײַנברענגען אײַך צו אונז אין שטוב!... איך האָב זײַן פּלאַן באַלד

אײַנגעזעהען און בּין געווען ענ[illegible] אָנצונעהמען אײַער האַנד און צווינגען אײַך שפּעטער דורך אַ גט צו געבּען מיר פֿרײַהײַט. אָבּער נ··כדעם, ווי איך האָבּ אײַך דערקענט נעהענטער און אײַנגעהויבּען אײַך עהרען און אַכטען, וויל איך אײַך נישט אָבּנאַרען. איך האָבּ אײַך דעריבּער אַרויסגעזאָגט עהרליך און אָפֿען מײַנע בּעדינגונגען. אויבּ איהר שטימט אײַן אויף זײ, איז גוט; אויבּ נישט—שײדען זיך אונזערע וועגען.

— פֿרײַלײַן, איך בּעט אײַך, איך בּעשווער אײַך...

— לאָזט מיך, הערר דאָקטאָר! וואָס איהר ווילט מיר זאָגען, וועט קײן נוצען נישט בּרענגען, ווײַל איך בּין פֿעסט בּעשלאָסען אַרויסצוטרעטען, אַלס זינגערין, אין טעאַטער. דאָ איז פֿאַר אײַך אַלזאָ פֿאַרהאַן נור אײן ענטפֿער: ענטוועדער—אָדער...

— יאָזעפֿינע—האָט דער דאָקטאָר אויסגערופֿען מיט אַ בּיטענדער שטימע—איך קאָן נישט אײַנשטימען אויף אַזאַ בּעדינגונג. איך קאָן נישט דערלאָזען, אַז מײַן פֿרוי זאָל זײַן אַ טעאַטער-זינגערין, דען דאָס איז געגען מײַנע רעליגיעזע פּרינציפּען, יאָזעפֿינע, איך וועל זײַן פֿאַר דיר אַ גוטער מאַן און וועל שטרעבּען צו מאַכען דיך גליקליך, אָבּער איך בּעט דיך: זאָג זיך אָבּ פֿון דײַן בּעדינג, דען דו וועסט זיך אַלײן אונגליקליך מאַכען. אין אַלע דײַנע טריאומפֿען וועט דיך פֿערפֿאָלגען די טרויעריגע געבּויגטע געשטאַלט פֿון דײַן אונגליקליכען פֿאָטער, וועלכער וועט צוליעבּ דעם אַרײַן אין דר'ערד פֿאַר דער צײַט. דער דאָזיגער געדאַנק וועט דיר פֿערבּיטערן דאָס לעבּען, פֿערגאַלען יעדען פֿערגעניגען. די אַפּלאָדיסמענטען פֿון המון וועלען ווירקען אויף דיר די ערשטע טעג, ווי אַ מין שכרות, שפּעטער אָבּער וועט עס דיר פֿאָרקומען לעכערליך און נאַריש. דאַגעגען זאָג איך דיר צו, אַז איך וועל אָנווענדען אַלץ, וואָס איך וועל נור קאָנען, צו מאַכען דײַן לעבּען גליקליך. די בּרכה פֿון דײַן פֿאָטער און מײַן ליעבּשאַפֿט וועלען דיר געבּען פֿיעל מעהר גליק, ווי די גאַנצע וועלט קאָן דיר געבּען.

— לאָזט אָבּ, הערר דאָקטאָר, לאָזט אָבּ! איהר פֿערגעסט, אַז נישט איך פֿערלאַנג, אַז איהר זאָלט מיט מיר הופּה שטעלען, נאָר איהר פֿערלאַנגט עס, און פֿאַר מיר זענט איהר וויכטיג נור אויף אַזוי פֿיעל, אויף וויפֿיעל איהר וועט מיר צוזאָגען צו געבּען פֿרײַהײַט אַרײַנצוטרעטען אין טעאַטער און ווידמען זיך דער קונסט.

— אויבּ אַזוי, לעבּט וואויל, פֿרײַלײַן, זאָל דער אויבּערשטער אײַך אָבּהיטען פֿאַר יעדען אונבּעדאַכטען שריט, וועלכער קאָן פֿערורזאַכען מורא'דיגע עגמת-נפֿש און שברון לבּ אײַער פֿאָטער. מיר איז שווער אָבּצוזאָגען זיך פֿון אײַך, אָבּער איך וועל בּשום אופֿן נישט אײַנשטימען, אַז מײַנע אַ פֿרוי זאָל זינגען אין טעאַטער, דאָס איז געגען מײַנע רעליגיעזע איבּערצײַגונגען. איך האָף צו דעם אויבּערשטען, אַז ער וועט מיר העלפֿען אַרויסצורײַסען פֿון מײַן האַרצען אײַער אָנדענקען...

און ער איז אַוועקגעגאַנגען, נישט וואַרטענדיג אויף אַן ענטפֿער. אין אָווענד האָט יוסף ווערטהײם דערהאַלטען אַ בּריוועלע, אין וועלכען דאָקטאָר אַלטשילער האָט איהם מודיע געווען, אַז צו זײַן בּעדויערן מוז ער זיך אָבּזאָגען פֿון דער לעקציע בּײַ זײַן טאָכטער יאָזעפֿינאַ.

---

# 4. יסורים פון א פאטער.

דאָס איז געווען אין די סליחות-טעג, אין די טעג ווען יודען מאַכען די פּאָרבערײטונגען צו בעגעגענען דעם שענעם יום-טוב ראש-השנה; אין אָט די טעג האָט יוסף ווערטהײמער דערהאַלטען דאָקטאָר אַלטשילער׳ס בריוועלע. דער פערזאָרגטער פּאָטער האָט פונ׳ם בריוועלע פערשטאַנען, אַז דער דאָקטאָר האָט ניט נושא-חן געווען בײ זײן טאָכטער. ער האָט דעריבער בעשלאָסען אַלײן צו מאַכען אַ וויזיט דעם דאָקטאָר, כדי צו דערגעהן בײ איהם, וואָס פאַר אַ סבות האָבען בעוואויגען זײן טאָכטער יאָזעפינאַ אָבצוזאָגען אַזא שענעם און גוטען שידוך.

צו דער צײט פון אונזער ערצעהלונג האָבען דאָס רוב פּראָגער יודען געוואוינט אין דער יאָזעף-שטאָדט, וועלכע האָט אין די אַלטע צײטען געהײסען די „יודען-שטאָדט“. נור ניט פיעל רײכערע יודען האָבען שוין דאַמאָלס געהאַט די ערלויבניש צו וואוינען אין אַנדערע גאַסען, צו די דאָזיגע פּריווילעגירטע יודען האָט געהערט יוסף ווערטהײמער; אָבער דער גרויסער יודישער המון, העכער 10 טויזענד נפשות, זענען געווען געצוואונגען צו וואוינען אין יאָזעפשטאָדט.

דער דאָזיגער שטאָדט-טײל געפינט זיך צווישען אַלטשטאָדט און דער מאָלדאַווא, אין׳ם ניעדעריגסטען און אונגעזונדסטען שטאָדט-טײל, און בשעת אַ געוויסער פלעגט ער אַלע מאָל פערפלײצט ווערען. דאָ געפינען זיך די נײן גרויסע שוהלען פון דער קהלה און פיעל קלײנע פּריוואַטע שוהלען. די גאַסען האָבען דאָ כמעט אַלע יודישע נעמען, ווי למשל, דעם רב׳ס גאַס, די שמש-גאַס, די פּנקס-גאַס, בית-עלמין-גאַס א. אַז. וו. מיט די דאָזיגע נעמען זענען פערבונדען פערשידענע יודישע לעגענדעס.

אין סליחות-טעג האָט דאָרט דאַמאָלס שוין געהערשט נאָך בעגינען אַ לעבהאַפטע בעוועגונג. אַרום 2 אַ זײגער פאַרטאָג זענען די שוהל-שמשים שוין אַרומגעלאָפען אין שטאָדט, צו וועקען די בעלי-בתים צו סליחות. דאָס איז געווען ניט אַזאַ לײכטע שטיקעל אַרבײט, ווײל די יאָזעפשטאָדט איז געווען בעגרענצט אויף אַ גאַנץ קלײנעם שטח און דעריבער זענען די הײזער דאָרט געווען פיעל-שטאָקיגע און אין יעדען פון זײ האָבען געוואוינט אָפט ביז 20—30 משפחות. דעם שמש איז דעריבער אויסגעקומען צו שטעהן גאַנץ לאַנג פאַר יעדען הויז און וועקען יעדען אײנוואוינער בעזונדער מיט זײן נאָמען, דערבײ האָט ער געמוזט וואַרטען אַזוי לאַנג, ביז יענער האָט זיך אָבגערופען. טײלמאָל זענען די אײנוואוינער געשמאַק געשלאָפען און דער שמש האָט געמוזט גוט אָנרײסען דעם האַלז, ביז מען פלעגט דאָס פענסטער עפענען און אויסרופען: ס׳איז גוט! און ווען דער שמש האָט צוואַנציג מאָל נאָכאַנאַנד אויסגערופען: „רבי דוד, נו!“ און רבי דוד האָט זיך ענדליך אָבגערופען, האָט זיך אָנגעהויבען אַ מעשה מיט רבי נח׳ן און רבי פײביש׳ן און דאַן רבי זלמן שפּירא א. אַז. וו. ביז אַלע אײנוואוינער האָבען זיך אויפגעכאַפּט. דאַן האָבען זיך געעפענט אַלע טויערען און ס׳האָבען זיך פון זײ אַ שאָט געטהון זקנים, מיטעלמעסיגע יודען, בחורים און יונגלעך אין באַלד פלעגען פול ווערען די שוהלען, סײ די גרויסע, סײ די קלײנע און דער קול יעקב האָט זיך געלאָזט הערען אין דער שטילער פינסטערער נאַכט אַרײן...

לאָמיר אַרײַנקומען אין די עלטסטע שטאָדט-שוהל, ווי מען רופֿט זי די אַלט-נײַע, דער נאָמען אַלײן איז שוין אויך גענוג מערקווירדיג און מען האָט איהם געגעבּען פֿערשיעדענע ערקלערונגען. געוועהנליך זאָגט מען, אַז דער נאָמען אָלט-נײַ שטאַמט פֿון העבּראיש „על-תנאי", דאָס הײסט „אויף אַ בּעדינגונג", ווײַל בּשעת מען האָט די שוהל געבּויט האָט מען אויסגענומען אַ תּנאי, אַז זי וועט זײַן הײליג נור כּל זמן דער בּית-המקדש וועט נישט געבּויט ווערען; ווי נור אָבּער דער בּית-המקדש וועט געבּויט ווערען, זאָל די שוהל פֿערליערען די קדושה פֿון אַ געטליך הויז. פֿיעל מעהר קאָן מען אָבּער אָננעהמען אַן׳אַנדער ערקלערונג, נעמליך: אין גאַנץ אַלטע צײַטען איז אין פּראָג געוועזן אַן׳אַלטע שוהל, וועלכע מען האָט שפּעטער איבּערגעגעבּען די שפּאַנישע יודען נאָכ׳ן גירוש, ווען אַ טײל פֿון זײ זענען געקומען קײן פּראָג. יעצט געפֿינט זיך אויפֿ׳ן אָרט פֿון דער דאָזיגער אַלטער שוהל דער מאָדערנער טעמפּעל אָדער די כּאָהר-שוהל, ווען אָט די אַלטע שוהל איז געוואָרען צו-ענג פֿאַר די אָרטיגע מיט די שפּאַנישע יודען, האָט מען אויסגעבּויט אַ נײַע שוהל, און ווען פֿאַר לערך אַ יאָהר 300 האָט רבּי מרדכי מײַזעל ז״ל אויסגעבּויט אַ דריטע שוהל, האָט מען זי אַ נאָמען געגעבּען „די אַלט-נײַ-שוהל".

נאָר ווי דאָרט איז, די אַלט-נײַ-שוהל איז פֿון די מערקווירדיגסטע געבּײַדעס אין דער וועלט. לויט דער מסורה, שטאַמט זי פֿון זעהר אַלטע צײַטען, און נאָך פֿיעל פֿריהער, אײדער מען האָט די שטאָדט פּראָג געבּויט, איז די שוהל שוין געשטאַנען. אַרײַנקומענדיג אין שוהל, לאָזט מען זיך אַראָבּ אויף 4—5 טרעפּ, לויט׳ן פּסוק: „ממעקים קראתיך ד׳"—די ווענד אינעווענדיג זענען שוואַרץ, און ווי די לעגענדע דערצעהלט, זענען זײ שוואַרץ געוואָרען אין מאָמענט, ווען דער בּית-המקדש אין ירושלים איז חרוב געוואָרען. אין מיטען שוהל געפֿינט זיך דער אַלמעמאָר, געבּויט פֿון גרויסע, מעכטיגע שטײנער. אויף אײנעם פֿון זײַנע סלופּעס געפֿינט זיך אַ פֿאָהן, וועלכע קײזער קאַרל IV האָט געשאָנקען די פּראָגער יודען מיט אַ יאָהר 500 צוריק. יעצט איז זי געשטאַנען צוזאַמענגעוויקעלט. אום שמחת תּורה פֿלעגט מען זי אויפֿוויקלען און אַזוי פֿלעגט זי בּלײַבּען אויפֿגעוויקעלט בּיז חנוכּה. דער עמוד פֿאַר׳ן חזן, וועלכער איז געשטאַנען פֿאַר׳ן אָרון הקודש, איז אויך געוועען פֿון שטײן. די דאָזיגע שטײנער האָבּען זיך געשפּאָלטען מיט פֿיעל הונדערטער יאָהר צוריק און דעריבּער זענען זײ יעצט פֿערפֿעסטיגט דורך אײַזערנע שטאַבּעס. נעבּען דעם עמוד געפֿינט זיך דעם רבּ׳ס שטאָרט; דאָ איז געשטאַנען דער גרויהער ראַפּאָפּאָרט — אַ גרויסע אימפּאָזאַנטע, עהרווירדיגע געשטאַלט אין אַלט-פּוילישע מלבּושים; אַ זײַדענער אויבּער-מלבּוש, לאַנג בּיז דער ערד, אַ בּרײטער שוואַרצער גאַרטעל אויף די לענדען. אַ לאַנגע שנײ-ווײַסע בּאָרד האָט צוגעגעבּען דעם פּנים אַ חן פֿון אַ פֿערצײַטיגען פּאַטריאַרך; אויפֿ׳ן קאָפּ האָט ער געטראָגען אַ שען שטרײַמעל און אינגאַנצען איז ער געוועזן אײַנגעהילט אין אַ טלית.

אין אָט דער שוהל איז אַרײַנגעקומען יוסף ווערטהײמער׳ס זוהן האָט לאַנג און פּרום מתפּלל געוועזן נאָכ׳ן דאַוונען איז ער אַוועקגעגאַנגען צום ד״ר אַלטשילער אַהײם. פֿיער שטאָק האָט ער געמוזט אַרויפֿשטײַגען און, ווען ער איז אַרײַנגעקומען האָט ער דעם ונגיען תּלמיד חכם נישט געפֿונען אין דערהײם, ווײַל ער איז נאָך נישט געוועזן צוריק פֿון

דאַווגען אין שוהל. דער באַנקיר האָט געהייסען אויפּעפּענען זיך די טהיר פון זיין וואוי-נונג, כדי דאָרט צו ערוואַרטען איהם.

דאָס איז געוועזן אַ העכסט איינפאַכע וואוינונג, אַ לאַנג און אַ שמאָל צימער, מיט אַ גרויסען פענסטער, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען אין הויף אַריין. ווען מען האָט זיך אַרויס-געבויגען פון פענסטער, האָט מען געקאָנט זעהען אַ שטיקעל הימעל. ניט ווייט פון טהיר איז אין צימער געשטאַנען אַ בעט, אַ האַרטע קאַנאַפּע, איבערגעצויגען מיט גראָהע ליי-ווענט, דריי שטוהלען, אַ טיש, אַ ספרים-שאַנק און אַ קליידער-שענקעל—אָט דאָס איז געוועזן דאָס גאַנצע מעבעל. יוסף ווערטהיימער האָט ניט געהאַט פיעל צייט אַרומצוקוקען זיך, חייל באַלד איז אַריינגעקומען דער דאָקטאָר אַלטשילער און האָט איהם פריינדליך בעגריסט.

— איהר האָט מיר געכטען געשריבען—האָט ווערטהיימער געזאָגט צום אַריינקו-קומענדען—און אָט בין איך געקומען צו הערען פון אייך פערזענליך די מאָטיווען פון אייער בריוועלע...

— צי האָט איהר גערעדט מיט מיין טאָכטער? האָט דער געפּייניגטער פאָטער גע-פרעגט נאָך אַ קורצען אָב אָטעמען זיך—וואָס האָט זי אייך דען געזאָגט? זי האָט זיך אָב-געזאָגט חתונה צו האָבען פאַר אייך?

— פערקעהרט—האָט דער יונגערמאַן געענטפערט — אייער טאָכטער האָט זיך ער-קלערט גרייט צו ווערען מיין פרוי.

— און איהר?

— איך האָב ניט געקאָנט אָננעהמען די בעדינגונגען, וועלכע זי האָט מיר גע-שטעלט.

— בעדינגונגען?

— אייער טאָכטער האָט מיר געשטעלט צוויי בעדינגונגען! ערשטענס, אַז איך זאָל מיך לאָזען מיט איהר אויף אַ ווייטע רייזע אין דער וועלט אַריין. כאָטש איך בין שטאַרק פער-וואונדערט געוועזן, הערענדיג דאָס, האָב איך פונדעסטוועגען איינגעשטימט. זי האָט מיר אָבער אויך געשטעלט אַ צווייטע בעדינגונג און אויף יענער האָב איך ניט געקאָנט איינ-שטימען. אייער טאָכטער האָט נעמליך פערלאַנגט פון מיר, אַז איך זאָל איהר ערלויבען אַריינצוטרעטען אין טעאַטער און ווערען אַ זינגערין...

— און ווי וואָלט געווען, אַז איהר וואָלט דערויף לפנים איינגעשטימט און איך וואָלט דערנאָך שטרענג פערבאָטען די זאַך און ניט ערלאָזען, אַז זי זאָל דורכפיהרען אַזאַ משוגענעם פלאַן?

— איך האָב אויך וועגען דעם געטראַכט, און איך האָב אייער טאָכטער ערקלערט דאָס. אָבער אייער טאָכטער האָט געזאָגט, אַז זי קימערט זיך גאָר ניט וועגען דעם פּעו באָט פון פאָטער און אויב דער מאַן וועט אַרויסטרעטען געגען דעם, וועט זי איהם צוויי-גען צו געבען איהר אַ גט.

— אָה, רבונו של עולם, ווי האָט מיר די גובערנאַנטקע פערדאָרבען מיין קינד וואָס זאָל איך יעצט טהוען, וואָס זאָל איך אָנהויבען?

— איך האָב ניט פערפעהלט צו שילדערן אייער טאָכטער, וואָס פאַר אַן'אומגלי זי וויל בעגעהן געגען אייך; איך האָב איהר פאָרגעשטעלט, אַז זי וועט אַריינלעגען א

דר'ערד אַריין דעם גראָהען קאָפּ פֿון איהר פֿאָטער פֿאַר דער צייט דורך עגמת-נפש צער, וואָס זי וועט איהם פֿערשאַפֿען; איך האָב איהר צוגעזאָגט צו שטרעבען מיט אַל כחות זי גליקליך צו מאַכען, צו דערהויבען איהר צו דער מדרגה פֿון דער אָנגעזעהענסטע פֿרוי ביי יודען; איך האָב איהר געשילדערט דאָס גרויסע גליק פֿון אַ שטיל, געמיטליך לעבען מיט אַ פֿאַמיליע און ערקלערט איהר, ווי אין דעם בעשטעהט די הויפּט-בעשטימונג פֿון דער פֿרוי; איך האָב איהר דערוויזען, ווי נאַריש און נישטיג ס'איז דער כלומר'שטער כבוד, וואָס מען בעקומט פֿונ'ם בערוישטען המון, ווי אונבעפֿרידיגענד ס'איז דאָס לעבען פֿון אַ טעאַטער-פּרינצעסין—אַלץ איז געווען אומזיסט. זי האָט מיך גאָר נישט געוואָלט פֿערשטעהן. דאַן בין איך אַהיימגעגאַנגען און האָב איהר געשריבען מיט אַ פֿערבלוטיגטע הארצען דאָס בריוועלע.

— איהר זענט אַנ'איידעלער יונגערמאַן און איהר האָט געהאַנדעלט ווי אַנ'איידעלער יונגערמאַן מוז האַנדלען. פֿונדעסטוועגען זאָג איך זיך נישט אָב פֿון דער האָפֿנונג...

— ניין, ניין, הערר ווערטהיימער, איך האָב זיך אָבגעזאָגט פֿון יעדער האָפֿנונג אוי איך וויל אייך דעם אמת זאָגען, ווי שטאַרק עס איז מיין ליעבשאַפֿט צו אייער טאָכטער וועל איך זיך אָבזאָגען פֿון איהר אַלענפֿאַלס, אפילו ווען זי זאָל זיך שוין אָבזאָגען פֿון איהרע בעדינגונגען. אַ מיידעל, וואָס טראָגט זיך אַרום מיט אַזעלכע פּלענער אין האַרצען און האַלט זיך אָן זיי אַזוי פֿעסט איז בכלל נישט פֿאַר מיר. איך וועל בעסער אַ גאַנצען לעבען ברויט מיט וואַסער עסען, איידער אָנצוזאָגען זיך פֿון די אידעאַלען, וואָס איך האָב פֿון אַ יודישען פֿאַמיליען-לעבען מיט אַ אשה צנועה וצדקניות.

— איהר האָט געוויס רעכט, מיין פֿריינד, און ווי וועה די זאַך איז מיר קאָן איך נור איינשטימען מיט אייך. אַ שרעקליכער וועהטאָג פֿרעסט-אויף מיין האַרץ, און דער וועהטאָג איז בעזונדערס גרויס צוליעב דעם, וואָס איך שפּיר, אַז איך אַליין בין דערביי שולדיג. איך האָב צופֿיעל געטראַכט וועגען מיין געלד און צוליעב דעם געלד-פֿערדיענען האָב איך פֿערנאַכלעסיגט די ערציהונג פֿון מיין טאָכטער און פֿערלאָזען זיך אויף אַ פֿרעמדען מענשען. וואָס העלפֿט מיר יעצט מיין פֿערמעגען, וואָס איך האָב ערוואָרבען מיט אַזוי פֿיעל מיה? איך בין אַנ'אָרימער, רייכער מאַן!

הערר ווערטהיימער האָט דערלאַנגט דעם תלמוד-חכם די האַנד צום אָבשיעד אין איז מיט אַ פֿערוועהטאָגט האַרץ אָבגעגאַנגען צו זיך אַהיים צוריק. אויף זיין אַרבייטס-טיש האָט ער שוין געפֿונען אַ פּאַק בריעף, וואָס די פּאָסט האָט פֿאַר איהם געבראַכט. ער האָב געעפֿענט איין בריעף נאָכ'ן אַנדערען, אָבער קיינער פֿון זיי האָט איהם נישט פֿאַראינטערעסירט, דען דאָס זענען אַלץ געווען געשעפֿטס-בריעף און די געשעפֿטען האָבען יעצט פֿערלאָרען יעדען חן אין זיינע אויגען. אָבער אָט האָט ער געעפֿענט איין בריעף, וועלכער איז געקומען פֿון אַ זעהר ווייטען לאַנד און זיין פּנים האָט פּלוצלונג אויפֿגעלעכט. מיט געשפּאַנטער אויפֿמערקזאַמקייט האָט ער געלעזען דעם בריעף ביז'ן סוף, דאַן האָט ער אויסגערופֿען:

— רבונו של עולם! צי זאָל עס זיין דאַן השגחה פּרטית, וואָס ענטדעקט זיך מיר דאָ? צי האָסטו טאַקי פֿערנומען מיין וואַרימסטע תפֿלה און שיקסט מיר דאָס ריכטיגסטען מיטעל צו בעפֿרייען מיין האַרץ פֿון דער שווערסטער זאָרג?...

# 5. אַלײעבּער גאַסט.

דער בּריעף, וואָס האָט ערפילט ווערטהײמער׳ס האַרץ מיט נײַע האָפנונגען, איז געקומען פון בּײרוט אין סיריען און זײַן אינהאַלט איז געווען פאָלגענדער:

„מײַן ליעבּער פעטער״!

דו ווערסט זיך אַוודאי וואונדערן ווען דו וועסט יעצט, נאָך אַזאַ לאַנגער צײַט, ערהאַלטען ערשט יעצט אַ ידיעה פון מיר; אָבּער איך האָבּ אין די לעצטע חדשים דיר נישט געקאָנט שרײַבּען, ווײַל איך בּין געווען צו־שטאַרק פערנומען. יעצט אָבּער האָף איך אינגיכען דיך, מײַן ליעבּען אײנציגען קרובֿ, צו קאָנען אינגיכען אײַנשליסען אין מײַנע אָרעמס. איך האָבּ זיך אָבּגעזאָגט פון מײַן שטעלע אין בּײרוט, ווײַל איך האָבּ דערשפּירט אַ געוואַלטיגע בּענקעניש אַהײם. איך האָבּ שוין יעצט אַ היבּשען פערמעגען און רעכען צו עפענען אַ געשעפט אין ווין. מיט׳ן נאָהנטסטען דאַמפער האָף איך אָבּצורײזען פון דאַנען. אַזוי אַרום וועל איך קומען אַ פּאָר טעג נאָך מײַן בּריעף. מעגליך, אַז וועט מיר געלינגען צו קומען צו דיר שוין אויף ראש־השנה. אָה, ווי שטאַרק בּענק איך נאָך דיר! מײַן קלײנע קוזינע, דײַן טאָכטער, איז שוין יעצט אין פערלויף פון די לעצטע צעהן יאָהר פון מײַן אָבּפאָהרען אַוודאי אויסגעוואַקסען און געוואָרען אַ גאַנצע עקרת הבית בּײַ דיר. גיבּ איהר אָבּ אין מײַן נאָמען הערצליכע גרוסען און פרעג בּײַ איהר, אויבּ זי געדענקט נאָך איהר קוזין. דאָך, דעם מאָל זאָל זײַן גענוג. אם ירצה השם פנים אל פנים וועלען מיר רײדען מעהר.

דײַן דיך איניג ליעבּענדער פלעמיעניק העגנאָך.

בּײרוט ט״ו אלול ה.תרי״א.

העגנאָך ווערטהײמער איז געווען אַ זוהן פונ׳ם פריה־פערשטאָרבּענעם אײנציגען בּרודער פון יוסף ווערטהײם; בּשעת העגנאָכ׳ס פאָטער איז געשטאָרבּען איז ער נאָך גאָר אַ קינד געווען און דאַן האָט יוסף ווערטהײמער איהר אַרײַנגענומען צו זיך אין שטוב, געגעבּען איהם אַ גוטע יודישע פרומע ערציהונג און דאַן האָט ער איהם פערשאַפען אַ שטעלע אין אַ גרויסען געשעפט אין ווין. צוליעבּ דעם, וואָס דער יונגער ווערטהײמער איז געווען זעהר טיכטיג אין געשעפט, האָט איהם זײַן פרינציפּאַל געשיקט קײַן אַלעקסאַנדריען אין מצרים, וואו ער האָט געהאַט אַ פיליע פון זײַן געשעפט. פון דאָרט איז ווערטהײמער געשיקט געוואָרען קײַן בּײרוט, כּדי אויך דאָרט צו גרינדען אַ פיליע. צעהן יאָהר לאַנג האָט העגנאָך ווערטהײמער פערבּראַכט אין די מזרח־לענדער. יעצט האָט ער שוין געהאַט אַלײן אַ היבּשען קאַפּיטאַל און, בּענקענדיג, ווי ער האָט געשריבּען, אַהײם, האָט ער זיך אָבּגעזאָגט פון זײַן שטעלע, אָבּגעבּענדיג זי אַנ׳אַנדערען, וועלכען ער האָט בּעקאַנט געמאַכט מיט׳ן געשעפט און געלאָזען זיך פאָהרען אַהײם.

יוסף ווערטהײמער האָט נאָכ׳ן לײענען העגנאָך׳ס בּריעף איבּערגעלאָזען די איבּריגע געשעפטס־בּריעף נישט געלעזען אויף אַנ׳אַנדערס מאָל און איז געשווינד אַרײַנגעקומען צו זײַן טאָכטער אין צימער.

יאָזעפינע האָט זיך זעהר דערפרעהט מיט דער בּשורה, אַז דער לאַנג־אַבּוועזענדער קוזין וועט בּאַלד קומען. אמת, ער האָט פערלאָזען איהר פאָטער׳ס הויז, ווען זי איז נאָך

כּמעט אַ קינד געווען, אָבער געדענקט האָט זי איהם און אָפט האָט זי אויך בעקומען פֿון איהם פֿערשיעדענע שענע מתּנות פֿון מזרח-לאַנד. באַלד האָט זיך אָבער דערוועקט אין איהר דער חשד, אַז איהר פֿאָטער האָט בכיון אויסגעשריבען דעם קוזין פֿון דערוויַיטען פֿון איהרטוועגען... זי האָט דעריבער אַ קוק געטהון אויף דער זייט פֿונ'ם בריעף און דעם פּאָסט-שטעמפּעל. יוסף ווערטהיימער האָט עס בעמערקט און געזאָגט מיט אַ שמייכעל:

— אַ גליק נאָך, וואָס מיר האָבען נישט קיין טעלעגראַפֿישע פֿערבינדונג מיט'ן וויַיטען מזרח, וויַיל דו וואָלסט מיר געווים חושד געווען, אַז איך האָב טעלעגראַפֿירט צו העניאָכ'ן, אַז ער זאָל קומען אַהער און שדכנ'ען זיך צו דיר...

אום ערב-ראש-השנה איז העניך ווערטהיימער געקומען קיין פּראָג. זיין פֿעטער, יעקב ווערטהיימער, האָט איהם איינגעשלאָסען אין זיינע אָרעמס אויפ'ן הערצליכסטען אופֿן, און יאָזעפֿינאַ איז געווען זעהר איבעררא͏ַשט, ווען זי האָט איהר קוזין דערזעהען. זי האָט איהם געדענקט פֿון קינדוויַיז אַן נאָך זעהר גוט. אין איהרע ערינערונגען איז ער תּמיד ערשינען, ווי אַ הויכער בחור, אַ שוואַכליכער פֿון געזונד, אָבער מיט זעהר אַ מילדען פּנים און ליעבליך פֿריינדליכע אויגען. יעצט איז ער געשטאַנען פֿאַר איהר אין דער געשטאַלט פֿון אַ קרעפֿטיגען, שענעם יונגענמאַן, מיט אַנ'אינטעליגענטען פּנים, אַרומגערינגעלט מיט אַ גרויסער שוואַרצער באָרד. אָבער אויך העניאָך איז איבערראַשט געווען דערזעהענדיג זיין קוזינע. ער האָט אַפּילו געהאָפֿט, אַז דאָס שענע קינד, וועלכעס ער האָט געדענקט פֿון דער יוגענד, האָט שוין יעצט געמוזט זיין אַ רייצענדע יונג-פֿרוי, אָבער אַזוי פֿיעל יודישען חן און ליעבליבקייט האָט ער נישט ערוואַרטעט.

— דו וועסט מסתּם געהן צו מעריב אין טעמפּעל — האָט יוסף ווערטהיימער פֿאַרבאַכט געזאָגט צו זיין פּלעמיעניק, ווען ער האָט זיך געקליבען אין שוהל צו געהן.

— ניין, פֿעטער, — האָט העניך געענטפֿערט — איך געה מיט דיר אין אַלטנייַשוהל, וואוהין איך פֿלעג תּמיד געהן מיט דיר צוזאַמען, אַלס יונגער יונגעל. מיינע רעליגיעזע אַנשויאונגען האָב איך נישט געטוישט. דו ווייסט דאָך, אַז אין „טריפֿה'ענעם מקום", אין וויען, האָב איך תּמיד געלעבט רעליגיעז, און אין מזרח-לאַנד, וואו מען זעהט די ערטער, וואָס זענען פֿערבונדען מיט די הייליגסטע זכרונות פֿון אונזער רעליגיע און געשיכטע, — דאָרט בעפֿעסטיגט מען זיך ערשט רעכט אין די הייליגע יסודות פֿון אונזער תּורה און מען שטאַרקט זיך אין דער געטרייער צוגעבונדענקייט צו איהרע מצוות:

נאָך מעריב, בשעת דער יום-טוב-סעודה, האָט העניאָך פֿיעל דערצעהלט וועגען די מקומות הקדושים, וועלכע ער האָט בעזוכט, בעזונדערס וועגען ירושלים. ער האָט געשילדערט די שענהייט פֿונ'ם אָרט, אויף וועלכען ירושלים שטעהט און דעם טרויעריגען חורבן, וואָס הערשט דאָרט אַרום דער שטאָדט, ווי אויך אין גאַנצען לאַנד, זינט דאָס פֿאָלק ישראל האָט זיין אַלטע היים פֿערלאָזען. — בעזונדערס וואַרים האָט ער געשילדערט די תּפֿלה ביים כּותל-המערבי יעדען פֿרייטאָג פֿאַרנאַכט. דער כּותל-המערבי איז די רעשט פֿונ'ם גרויסאַרטיגען הייליגען בנין, דעם בית-המקדש, וועלכען דער מלך החכם, שלמה, האָט געהאַט געבויט. דאָרט פֿערזאַמלען זיך יעצט די יודען פֿון ירושלים ערב יעדען יום-טוב פֿאַרנאַכט צו מנחה. איידער זיי קומען אַרויף אויפ'ן הייליגען אָרט טהוען זיי אויס די שיך; דאַן זענען זיי מתפּלל מיט אַ וואַרים האַרץ און פֿערגיעסען טייכען טרעהרען.

— און דו — האָט יאָזעפֿינע געפֿרעגט — האָסט נישט בעזוכט דעם מהסר־אנישען טעמפעל אָמאַר? ווי איך האָב געהערט, איז דאָס יעצט אַלעמען ערלויבט.

— יאָ—זאָגט האָט העניך געענטפֿערט — פֿאַר אַ באַקשיש (שוחד) פֿון צוואַנציג פֿראַנק קאָן מען בעקומען די ערלויבניש צו בעזוכען דעם הר־הבית ביז׳ן טעמפעל אָמאַר, וועלכער שטעהט אויפֿ׳ן אָרט, וואו דער דביר, אָדער דער קודש־הקדשים איז געשטאַנען פֿאַרצייטען, אָבער איך האָב די געלעגענהייט נישט אויסגענוצט.

— געקאַרגט די צוואַנציג פֿראַנק?—האָט יאָזעפֿינא געפֿרעגט איראָניש.

— ניין, מיין ליעבינקע קוזינע, קיין צוואַנציג פֿראַנק האָב איך, ברוך השם, קיינמאָל נישט געברויכט צו קאַרגען. מיך האָט אָבגעהאַלטען די רעליגיע און איהר געזעץ דערפֿון. דאָס אָרט, מוזסטו וויסען, איז נאָך עד־היום הייליג פֿאַר אונז און כל זמן מיר האָבען זיך נישט גערייניגט דורך דער בעשפּריצונג פֿון אפר פרה, טאָרען מיר אויפֿ׳ן דאָזיגען אָרט נישט אַרויפֿקומען. קיין אפר פרה, דאָס הייסט, די אַש פֿון אַ פרה אדומה, האָבען מיר אָבער יעצט נישט!

— און אָט דערפֿאַר ביזטו אַהין נישט אַרויפֿגעגאַנגען? מיך וואָלט אַזאַ זאַך נישט אָבגעהאַלטען!

— אי־אַי, קוזינע,—האָט העניך זיך צולאַכט—ביזטו שוין אָנגעשטעקט פֿון די מאָדערנע געדאַנקען אַזוי שטאַרק, אַז ביי דיר איז ליילט עובר צו זיין אויף אונזערע הייליגע געבאָטען? און דו שרעקסט זיך גאָרנישט אַרויסצוזאָגען אַזעלכע געדאַנקען אין היינטיגען הייליגען טאָג, אין יום הדין?

— פֿון מיין טאָכטער—האָט יוסף ווערטהיימער זיך אָבגערופֿען ערנסט — וועסטו הערען נאָך עטוואָס ערגערעס. דאָ נישט לאַנג האָט זי אָבגעלאַכט פֿון אונזערע געבאָטען וועגען פֿליישיגס און מילכיגס. זי זאָגט, אַז ס׳איז געוועזען נור אַ סענטימענטאַלער פֿערבאָט תחילת צו קאָכען אַ בעקעל אין דער מילך פֿון זיין איגענע מוטער. די רבנים וויערער האָבען אַליין אַרויסגעדרונגען דערפֿון די דינים וועגען פֿליישיגס און מילכיגס.

— און ווי אַזוי סוםט עס, פֿעטער,—האָט חענאָך געפֿרעגט—אַז דיין טאָכטער זאָל אָבלאַכען פֿון אַ זאַך, וואָס דו האַלסט הייליג?

— איך בין אַליין שולדיג—האָט ווערטהיימער געזאָגט טרויעריג—איך האָב איבערגעלאָזען די ערציהונג פֿון מיין טאָכטער אין פֿרעמדע הענד.

אין שטוב איז געוואָרען שטיל. העניך האָט מעהר נישט געוואָלט פֿרעגען, כדי נישט מצער צו זיין זיין פֿעטער נאָך מעהר. אויך יאָזעפֿינא האָט געשוויגען. זי איז געוועזען פֿערטומט מיט׳ן געדאַנק, ווי אַזוי איז עס מעגליך געוועזען, אַז איהר פֿיעל־געריימטער, פֿיין־געבילדעטער, שענער און רייכער, יונגער קוזין זאָל זיין אַזוי אָבגעשטאַנען אין זיין קולטור, אַז ער זאָל נאָך האַלטען עפּיס וואָס פֿון פֿאַרצייטיגע זאַכען, פֿון וועלכע איהר גובערנאַנטקע האָט אַזוי פֿיעל אָבגעלאַכט, ווייל זיי האָבען שוין לאַנג אָפּגעלעבט זייער צייט...

ענדליך האָט העניך איבערגעריסען דאָס שווייגען.

— אַה, ליעבער פֿעטער—האָט ער געזאָגט—אַז מיר רעדען שוין וועגען מילכיגס און פֿליישיגס, וויל איך דיר מיטטיילען אַ׳ערפֿאַהרונג, וועלכע איך האָב געמאַכט אין ארץ־ישראל. מעגליך, אַז דאָס וועט דיך אינטערעסירען. דו הייסט דאָך מסתם, אַז אין

מזרח-לאַנד איז דאָס ציגען-פלייש זעהר געשמאַק און בעליבט פּײַ אַלעמען, און אַט האָט בען די פאַסטוכער ביים ברעג לבנון די געוואוינהייט צו קאָכען דאָס ציגען-פלייש אין מילך. ווייל אָבער אין יענע קאַנטען האָבען די מנהגים בכלל זיך זעהר וועניג געביטען פון די אַלטעסטע צייטען אָן, קאָן מען אָננעהמען, אַז שוין אין משה רבינו'ס צייטען האָט עקזיסטירט די דאָזיגע געוואוינהייט.

— דיין מיטטהיילונג—האָט יוסף ווערטהיימער געזאָגט—אינטערעסירט מיך ווירקליך, ווייל דאָס בעשטעטיגט אַ געוויסע ערקלערונג פון אבן-עזרא. מען פרעגט נעמליך אַ קשיא: פאַרוואָס האָט די תורה, פערבאָטענדיג צו עסען פליישינס מיט מילכיגס, זיך אויסגעדריקט: „דו זאָלסט נישט קאָכען קיין בעקעל אין דער מילך פון זיין מוטער"? דערויף ענטפערט דער אבן עזרא: „דברה תורה בהוה"—ס'הייסט, די תורה האָט גערעדט אַזוי, ווי ס'פיהרט זיך אין דער ווירקליכקייט! פלייש צו קאָכען אין מילך איז בכלל אַנ'אונגעוועהנליכע זאַך; נישט די פערצייטיגע פעלקער האָבען עס געטהון, נישט די יעצטיגע פעלקער טהוען עס; אָבער דאָס פלייש פון אַ בעקעל—זאָגט אבן עזרא —איז אַנ'אויסנאַהם, דאָס דאָזיגע פלייש איז טרוקען און היציג, דעריבער קאָכען עס די אַראַבער אין מילך. — די תורה האָט אונז דריי מאָל איבערגע'חזר'ט דעם דאָזיגען פערבאָט, און אָט האָבען אונזערע חכמים ערקלערט, אַז דאָס איז געווען מיט דער כונה צו פערבאָטען אונז צו קאָכען פלייש מיט מילך, צו עסען עס און הנאה צו האָבען דערפון, דערביי האָט זיך די תורה אויסגעדריקט ווי דאַמאָלס איז געווען דער מנהג. אין דער תורה געפינען מיר נאָך איינינגע ביישפּיעלען דערפון. כדי צו וויסען, ווי אַזוי מקיים צו זיין די געבאָטען פון דער תורה, מוזען מיר זיך האַלטען אין דער קבלה פון אונזערע עלטערן, ס'הייסט אָן דער טראַדיציע, וועלכע די תנאים האָבען אונז איבערגעגעבען אין די משניות. דאָס געבאָט וועגען מילכיגס און פליישיגס קאָנען מיר אָבהיטען נור דורכ'ן שטרענגען אָבזונדערן אין אונזערע קיכען און טישען אַלץ, וואָס מילכיג איז, פון אַלעם פליישיגס, ווייל נור אַזוי-אַרום קאָנען מיר זיך אָבהיטען פון עובר זיין אויפ'ן געבאָט פון דער תורה.

יאָזעפינע האָט זיך איינגעהערט מיט געשפּאַנטער אויפמערקזאַמקייט. זי האָט אָנגעהויבען צווייפלען אין דער ריכטיגקייט פון אַלעם דעם, וואָס איהר גובערנאַנטקע האָט איהר פריהער געלערנט. אויף צו-מאָרגענס האָט זי שוין ערקלערט, אַז זי גערהט-מיט צו תשליך.

תשליך פלעגט מען אין פראָג אין יענער צייט אָבהיטען זעהר שטרענג. די גאַנצע פראָגער יודישע בעפעלקערונג, וועלכע איז בעשטאַנען פון 10,000 נפשות, פלעגט זיך אַרויסלאָזען אין אַ פרומער שטימונג, יום-טוב'דיג געקליידעט צו דער מאָלדאַווא און זאָגען די תפלות מיט אַ טיעף פרומען געפיהל. אויף יאָזעפינאַ'ן האָט דאָס געמאַכט אַ שטאַרקען איינדרוק, דען זי האָט איינגעזעהן, אַז קיין זאַך פון דער נייער צייט איז נישט אימשטאַנד צום דערוועקען אַזאַ טיעף געפיהל, ווי די רעליגיע. תשליך איז נישט קיין מצוה פון דער תורה; עס איז נור אַ מנהג און דאָך רופט עס אַרויס ביי די פרומע יודען אַזעלכע שעגע און ערנסטע געפיהלען, וועלכע מען וואָלט נישט געקאָנט ביי זיי דערוועקען דורך קיין מאָדערן קינסטלי מיטעל...

---

# 6. אין די קברים פון די אלטע עגיפטער.

די יום-טובים זענען אריבער. אין די פארנעהמע יודישע משפחות אין פראג האט דאמאלס געהערשט א זעהר געזעלשאפטליכער טאן. הענאך ווערטהיימער און זיין קוזינע זענען פיעלפאך איינגעלאדען געווארען אויף אווענדען, און יוסף ווערטהיימער האט נישט געהאט דאגעגען, אז זיין טאכטער זאל געהן צו-גאסט מיט זיין פלעמיעניק. אויב יאזעפינע איז פריהער געווען דער צענטר פון יעדער געזעלשאפט, האט זי יעצט געמוזט אבטרעטען דעם דאזיגען ארט איהר קוזין הענאך. דער שענער גייסטרייכער יונגערמאן, וועלכער האט פיעל גערייזט, פיעל וועלט געזעהען און איז געווען גוט געבילדעט, האט געהאט נאך דערצו א טאלענט פון א גוטען ערצעהלער, און זיינע רייזען אין די ווייטע מזרח-לענדער האבען איהם געגעבען פיעל מאטעריאל דערצו. ווען הענאך פלעגט אנהויבען דערצעהלען וועגען זיינע איבערלעבענישען, האבען אלע געהערט געשפאנט, און אויך יאזעפינע איז ענטציקט געווען, הערענדיג, ווי ער פלעגט דערצעהלען וועגען אלע וואונדערליכע זאכען, וואס ער האט געהאט די געלעגענהייט צו זעהען און הערען אין ארץ-ישראל און מצרים.

איינמאל האט מען אין דער געזעלשאפט דערמאהנט די קברים פון די פערצייטיגע עגיפטער, וועלכע האבען, ווי בעוואוסט, זיך נוהג געווען איינצובאלזאמירען זייערע מתים אויף אזא בעזונדערען אופן, דאס זיי זענען געבליבען גאנץ טויזענדער יאהרען, ליגענדיג פערשטיינערט אין דער געשטאלט, וואס זיי האבען געהאט תיכף נאך דער באלזאמירונג. אזעלכע באלזאמירטע מתים רופט מען מומיען און די רייזענדער אין עגיפטען בעזוכען יעצט די הייהלען, אין וועלכע די פארצייטיגע עגיפטער פלעגען אט די מומיען בעהאלטען. און אט האט הענאך ווערטהיימער זיך גענומען דערצעהלען, ווי ער האט בעזוכט אזעלכע קברים און וואס ער האט דארט איבערגעלעבט איינמאל.

— ווען איך בין מיט צעהן יאהר צוריק געקומען צום ערשטען מאל אין אלעק-סאנדריען—האט הענאך ווערטהיימער אנגעהויבען דערצעהלען — און האב בעטראכטען דעם אלטען באדען פון מצרים, בין איך גאנץ ווייט געווען פונ'ם געדאנק צו בעשעפטיגען זיך מיט די מנהגים און לעבענס-שטייגער פונ'ם דארטיגען פאלק, צו בעקענען זיך מיט זיין שפראך, אדער גאר אויסלערנען לייענען זיינע פערצייטיגע אויפשריפטען, די העראגליפען, און גראבען זיך אין זיינע אלטע קברים. מצרים איז אבער א וואונדער-לאנד און, נישט-ווילענדיג, ווערט אונזער א צפון-מענש נבהל ונשתומם, דערזעהענדיג די דארטיגע וואונ-דערבארע זאכען. ס'דערוועקט זיך אליין א חשק צו בעקענען זיך מיט זיי. תחלת בין איך געפאהרען קיין מצרים נור מיט איין פערלאנג — צו פיהרען דארט מסחר און זיין א גע-טרייער אנגעשטעלטער אין געשעפט פון אונזער האנדעלס-הויז; באלד אבער האט זיך מיר פערוואלט בעקענען מיט דער אראבישער שפראך און מיט'ן עגיפטישען פאלק און זיין גרויסער פערגאנגענהייט. אט אזוי בין איך ביסלעכווייז אריינגעצויגען געווארען אין דער אלטער וועלט, וועלכע איז פאר מיר געווען גאנץ ניי; איך האב אנגעהויבען זאמלען זעל-טענע פארצייטיגע זאכען און ענדליך האב איך אנגעהויבען שטודירען די העראגליפען. כדי צו פערבעסערן מיין קאלעקציע פון אלט-וועלטענהייטען האב איך זיך בעקענט מיט

דרײַ דײַטשע געלעהרטע און נעמאַכט מיט זײ צוזאַמען עקסקורסיעס אין די פעלזען־קברים, וואו עס ליגען די מומיען פון קראָקאָדילען טויזענדערווײַז. דער דאָזיגער ענין האָט מיך אינטערעסירט בעזונדערס צוליעב דעם, וואָס לויט געוויסע מפרשי התורה זאָל די „צפרדע”, וועלכע איז געזוען די דריטע מכה, נישט האָבען געוועזען קיין אַנדערע זאַך ווי דער קראָקאָדיל, און די מומיען פון די קראָקאָדילען זאָלען שטאַמען טאַקי פון דער קראָקאָדילען־פערפלײַצונג, וועלכע משה רבנו האָט אַרויסגערופען אויף מצרים, לויט'ן אויבערשטענס בעפעהל.

מיר האָבען דער־ געדונגען אַ שיף, אויף וועלכען מיר האָבען זיך געלאָזען אויף דער רײַזע אויפ'ן טײַך נילוס דורך נאַכט. אַ מעת־לעת לאַנג זענען מיר געשוואומען מיט'ן נילוס און געקומען ענדליך אויפ'ן אָרט דעם צווײטען אָוענד. אונזערע מאַטראָזען זענען אַראַבער אויפ'ן ברעג צו קאָכען זיך אָווענד־עסען פון פול־המצרי — עגיפטישע באָבעס. מיר האָבען זיך צוגעגרײט צו לעגען שלאָפען אין שיף. בינו לבינו איז געקומען פון נאָהענטסטען דאָרף די וואַך, וועלכע די עגיפטישע רעגירונג האָט געשיקט צו היטען אונז. איך האָב אַפילו אויפמערקזאַם געמאַכט מײַן פיהרער, אַז עס איז געפעהרליך צו לעגען זיך שלאָפען אין אַ שיף אין מיטען נילוס בײַנאַכט; אָבער דער פיהרער האָט ערקלערט: „אויב אַלאַה האָט בעשלאָסען, אַז מיט אונז זאָל עטוואָס פאָרקומען, וועט נישט העלפען קײן שמירה און דאָס וואַך־זײַן; אויב אָבער מיט אונז דאַרף קײן זאַך נישט פאָרקומען, טאָ פאַרוואָס זאָלען מיר זיך נישט אויסשלאָפען רוהיג?”

אונזער ערשטע הויפט־סטאַנציע איז געוועזען בײַם דאָרף „בני האַסאַן” אויפ'ן רעכטען ברעג פון נילוס. דאָרטען האָבען מײַנע חברים געוואָלט זאַמלען העראָגליפען אין די אַלטע פעלזען־קברים און פון דאָרט האָב איך געוואָלט בעזוכען די קראָקאָדיל־קברים אין מאַאַבדעה. אַרום האַלבע נאַכט זענען מיר געקומען צום דאָרף. מיט'ן בעגינען איז שוין געשטאַנען גרײט פאַר אונז אַ מחנה יונגלעך מיט אײזלען. איך האָב געברויכט צו האָבען נאָך אײן פיהרער אין די קברים. מיר זענען געריטען אויף די אײזלען ווײַטער לענג־אויס דעם טײַך אַרויף־צו, דאַן האָבען מיר זיך אַ נעהם געטהון לינקס און דרײַ פיערטעל שעה שפּעטער זענען מיר געקומען צום פעלזען־באַרג, וואו עס געפינען זיך די בעריהמטע קברים, וועלכע זענען אַלט העכער 4000 יאָהר. אַזעלכע קברים זענען פאַרהאַן דאָרט לערך 30 און זײ אַלע זענען אויסגעהאַקט אין די פעלזען אין דער געשטאַלט פון טיעפע הײַהלען מיט פיעל גענג, קאַמערן און זאַלען; אַלע ווײַערע ווענד זענען בעדעקט מיט בילדער און הע־ראָגליפען־אויפשריפטען, טען מוז אָבער זײַן פאָרזיכטיג בײַם בעזוכען זײ, ווײַל נאָכדעם ווי די אַלטע עגיפטער פלעגען אַרײַנברענגען דעם אָרון מיט דער מומיע אין אַ צווײטען צימער אין דער הײַהל, פלעגען זײ פאַר'ן אַרײַנגאַנג אַהין אויסגראָבען אַ טיעפען ברונען, כדי אונמעגליך צו מאַכען פאַר עמיצען צו־זײַן אַרײַנצוקומען.

קומענדיג אויפ'ן אָרט, האָב איך זיך באַלד געלאָזען געהן אין די הײַהלען אַרײַן, ווײַל איך האָב געהאַט אָבגערעדט מיט מײַנע קאָלעגעס צוזאַמענצוקומען זיך מיט זײ אין אָוענד. מיט מײַנע צווײ אַראַבישע בעגלײטער האָב איך געדראַפּט אַראָבשטײַגען פונ'ם פעלז, וועלכער איז פון דער באַקענדער זון געוועזען הײס, ווי אָנגעברענט. די אַראַבער זענען געלאָפען מיט די באָרוויסע פיס איבער די הײסע שטײנער, ווי ס'וואָלט זײ דאָס גאָרנישט

געקימערט. ענדליך זענען מיר געקומען אויף אַ גלאַטען שטח, לערך 400 פוס הויך איבער'ן נילוס-וואַסער. אַרום איז געווען אַן'אמת'ער מדבר; מען האָט נישט געזעהען קיין גרעזעלע, קיין בוימעל, קיין לעבעדיג בעשעפעניש, ווייל דאָס וואַסער פון נילוס שטייגט קיינמאָל נישט אַזוי הויך. באַלד ... זיך דערהויבען פאַר אונז נייע פעלזען-מאַסען און, נאָכדעם ווי מיר זענען געגאַנגען צווישען זיי אַ היבשען מהלך, האָט מיין פיהרער ערקלערט קורץ: „אַט דאָ איז עס מיין העררו!"

דער אַריינגאַנג אין די קברים-הייהלען איז געווען זעהר שמאָל און לערך 6 פוס הויך. מיין פיהרער מעהעמעד האָט אָנגעצונדען אַ פאַקעל און מיר האָט ער געגעבען אַ צווייטען, נישט קיין אָנגעצונדענעם, אויף זאַפאַס, הייסט עס, און מיר האָבען זיך געלאָזען געהן אין די קברים אַריין. איך האָב זיך גענומען צו דער זאַך חיסענשאַפטליך: איך האָב געצעהלט די שריט פון אַריינגאַנג, כדי צו בעשטימען, ווי לאַנג דער גאַנג איז; כ'האָב אָפט געקוקט הינטער זיך, כדי צו בעמערקען, אויב דער גאַנג ציהט זיך גלייך, אָדער ער שלענגעלט זיך. זעקס און אַכציג שריט האָב איך געהאַט אָבגעצעהלט, ווען מיר האָבען זיך גענומען לינקס און מיר זענען אַדורכגעגאַנגען אַ גרויסען זאַל, זיבען און פופציג שריט לאַנג. אין דער הינטערשטער וואַנד פון זאַל האָט מעהעמעד מיר בעוויזען אַ נידעריגע עפענונג, לערך נור דריי פוס הויך. אין דער דאָזיגער עפענונג האָבען מיר געמוזט אַריינגעהן און חייל דער וועג האָט זיך דאָרט אָנגעהויבען אַראָבלאָזען טיעפער, האָבען מיר געמוזט קריכען אויף אַלע פיער. באַלד האָבען מיר אָנגעהויבען חעה צו טהון די קניע פון אַזאַ מין געהן פאָרווערטס. מיין מעהעמעד האָט זיך אָבער מאַרשירט אויף אַלע פיער גאָר לייטיש, האַלטענדיג דערביי הויך זיין פאַקעל; ווי אַזוי ער האָט עס געמאַכט, חייס איך נישט; אָבער אַז דאָס האָט איהם געקאָסט געזונד, איז זיכער, חייל ער האָט אָפט אויסגערופען: אָה, אַלאַה!

איך האָב נישט אויפגעהערט צו צעהלען די שריט. פלוצלונג האָט מעהעמעד אויסגערופען: דער טויטער מאַן! שטעלט זיך, מיין העררו, ווידער גלייך! — יעצט זענען מיר געווען אין אַ גרויסען רונדען זאַל פון היבשער הויך; אין דאָזיגען זאַל זענען אַריינגעקומען פינף קאָרידאָרען, ווי מען האָט עס געקאָנט זעהן פון די טהירען, וועלכע זענען געווען אין איהם אָפען. נעבען דעם גאַנג, דורך וועלכען מיר זענען אַריינגעקומען, איז געווען אויסגעהאַקט אין פעלזען אַ באַנק; קענטיג, אַז די באַנק האָבען אויסגעהאַקט נאָך די פאַרצייטיגע עגיפטישע אַרכיטעקטען, וועלכע האָבען די קברים געבויט. זיצענדיג אויף דער באַנק, האָב איך איבערגענומען אין מיין נאָטיץ-ביכעל דעם פלאַן פונ'ם זאַל און פערצייכענט די צאָהל שריט אינ'ם לעצטען קאָרידאָר, ווי איך האָב עס געטהון פריהער. דאַן האָב איך אַרויסגענומען פון רייזען-טאַש פלייש און ברויט מיט אַ פלעשעל חיין און האָב מיר געלאָזען חאוילגעהן. מעהעמעד האָט דערציי דערצעהלט, אַז דער זאַל האָט בעקומען זיין טרויעריגען נאָמען „דער טויטער מאַן" פון אַן'אַראַבישען גייסטליכען, חעלכער האָט מיט עטליכע יאָהר פריהער בעזוכט די קברים אָהן אַ פיהרער און האָט זיך פערבלאָנדזשעט. שפעטער האָט מען איהם געפונען דאָ, זיצענדיג אויף אונזער באַנק טויט. דער גייסטליכער איז געשטאָרבען פון הונגער...

מיר האָבען זיך געלאָזען געהן ווייטער. פלוצלונג האָט מעהעמעד אַ ציטער געטהון

אין אויסגערופען: „אַ רושין שוועבט אַרום אונז! אָה, אַלאַה זאָל אונז העלפען, דער רושין וועט אונז אומברענגען!“ דער אָבערגלויביגער מעהעמעד האָט אָבער געהאַט אַ טעות: דאָס איז געוועזען נישט קיין בייזער גייסט, קיין שד, ווי ער האָט געמיינט, נאָר אַ געוועהנליכע פלעדער-מויז. דער פועל יוצא פון זיין אויפשרייען איז געוועזען, וואָס איך האָב פערגעסען, וואו איך האַלט מיט'ן צעהלען די שריט. איך האָב געוואָלט זיך אומקעהרען צוריק אין „טויטען מאַן“, כדי ווידער אָנהויבען צעהלען די שריט; מעהעמעד האָט אָבער נישט געוואָלט הערען וועגען דעם, ווייל פאַר איהם זענען מיינע נאָטיצען וועניג-וואָס געוועזען ווילכטיג, דען ער איז גוט בעקאַנט מיט'ן וועג אין די קברים, ווייל ער האָט דאָ געדיענט שוין אין דער יוגענד ביי אַנ'אַלטען פיהרער. מיר זענען דעריבער געגאַנגען ווייטער, נעהמענדיג זיך אַמאָל רעכטס, אַמאָל לינקס. פּלוצלונג האָט מעהעמעד אויסגערופען: דער ערשטער ברונען!—דאַן האָט ער גענומען פון אַ זייטיגען ווינקעל אַנ'אַלט ברעט, געלעגט עס איבער'ן ברונען און אַזוי זענען מיר אריבערגעגאַנגען. באַלד זענען מיר געקומען צו אַ צווייטען ברונען. מיר האָבען שוין אָנגעהויבען שפירען דעם ריח פון די מומיען. ענדליך האָט מעהעמעד ערקלערט: אַט דאָ הערר, האָסטו, וואָס דו זוכסט, די מומיען פון די קראָקאָדילען!

מיר זענען געשטאַנען ביים אריינגאַנג פון אַ גרויסען זאַל; איך האָב געוואָלט איהם דורכמעסטען, אָבער מעהעמעד האָט מיר דאָס נישט ערלויבט. דאָרט זענען געלעגען פיעל טויזענדער קראָקאָדיל-מומיען פון פערשידענער גרויס, פון 1 פוס ביז 15 פוס לאַנג. וואָס ווייטער האָבען מיר געזעהען אַלץ נייע מאַסען קראָקאָדיל-מומיען, צווישען וועלכע עס זענען אויך געלעגען מומיען פון מענשען. אָה, ווען מען וואָלט נור געקאָנט זיי אַלע אַרויסברענגען פון דאָרט! איך האָב גענומען מיט זיך איין קליינעם קראָקאָדיל, צוויי פוס לאַנג, וועלכער האָט זיך זעהר גוט דערהאַלטען, און האָב גערעכענט, אַז שפּעטער וועל איך קומען מיט מעהר בעדינגטע און נעהמען מעהר.

מיר האָבען זיך באַלד געלאָזען אויפ'ן וועג צוריק. פּלוצלונג האָט מעהעמעד אויסגערופען: דער פאַקעל! אָה, אַנ'אַנדער פאַקעל!—זיין פאַקעל האָט זיך נעמליך נעהאַלטען ביים פערלעשען, און איך האָב זיך ערשט געכאַפּט, אַז איך האָב צוליעב דער קראָקאָדיל פערגעסען מיין פאַקעל ביי די קראָקאָדילען. — „אָה, אַללאַה! — האָט אויסגערופען מעהעמעד,—געשווינד, געשווינד, מיר וועלען בלייבען אין דער פינסטער! פון זיין פאַקעל איז שוין געבליעבען נור אַ שטיקעלע פעך, וואָס האָט זיך געשמאָלצען און אָפּגעבריהט איהם די פינגער. מיר האָבען זיך געלאָזט לויפען געשווינד, געשווינד, אָבער פּלוצלונג זענען מיר געבליבען אין דער פינסטער, אין אַ שטאָק-פינסטערניש טיעף אונטער דער ערד...

— מיר זענען געבליעבען שטעהן אין דער פינסטער -- האָט הענאָך דערצעהלט ווייטער נאָך אַ קורצער פויזע.— אין דער פינסטער האָבען מיר נישט געקאָנט געפינען דעם אַרויסגאַנג פון דער הייהל; דער פיהרער האָט קיין שום בעגריף נישט געהאַט פונ'ם פלאַן פון די הייהלען — איין פאַלשער שריט און אַ זייט, און מיר וואָלטען אריינגעפאַלען ערגעץ-וואו אין אַ מיעסען ברונען, אָדער מיר וואָלטען זיך פערבלאָנדשעט אַלץ מעהר ווייטער. אַז עמיצער זאָל קומען צו אונז, פון דער אויסענוועלט, האָבען מיר קיין האָפנונג נישט געהאַט

ווײַל דער אײנציגער פירהרער, וואָס האָט דאָ געוואוסט דעם וועג, איז געוועזן בײַ מיר. איך האָב געהערט, ווי מעהמעד האָט זיך געזעצט.

— וואָס-זשע האָסטו זיך געזעצט? — האָב איך געפרעגט.

— און וואָס וועט מיר העלפען דאָס שטעהן? צו זיצען איז בעסער.

— אָבער צי פערשטעהסטו דען נישט, אַז מיר מוזען דאָ אויסגעהן פון הונגער?

— מ׳אַ, אפשר וועלען מיר געראַטעוועט ווערען, אויב אַלאַה וויל

— ווי אַזוי זאָלען מיר געראַטעוועט ווערען, ס׳וועט דאָך קײנער. צו אונז נישט קומען?

— אַלאַה איז גרויס! קאָן איך דען בעזאָרגען ווי אַזוי ער וועט אונז אַרויסראַטע-ווען? ער וועט עס אַלײן וויסען.

— אָבער — האָב איך אויסגערופען — מיר מוזען דאָך זעהן אַלײן אויך עטוואָס טהון, כּדי דער אויבערשטער זאָל אונז העלפען!

און אַזוי רײדענדיג, האָב איך זיך אויך אַנידערגעזעצט... מײַן קראָקאָדיל האָב איך אַנידערגעלעגט נעבען מיר און האָב אָנגעהויבען איבערלעגען, וואָס צו טהון. ענדליך האָב איך ערקלערט מעהעמעד׳ן, אַז מיר מוזען געהן פאָרוועררטס. צוליעב מורא פאַר׳ן דורשין, האָט ער אײנגעשטימט דערויף. איך האָב אַרויסגענומען מײַן פודעלע צינדהעלצער און אָנגעהויבען רײַבען און אָנצינדען אײנע נאָך דער אַנדערער... געבליבען זענען מיר נור דרײַ, וועלכע איך האָב געוואָלט איבערלאָזען אויף דער ערגסטער נויט. מיר זענען געגאַנגען פאָרווערטס, האַלטענדיג זיך בײַ דער לינקער וואַנד און טאַפּענדיג מיט בײדע הענד. לעת-עתה זענען מיר נאָך געווען אויפ׳ן ריכטיגען וועג; אָבער פלוצלונג האָב איך אָנגעטאַפּט, אַז די וואַנד ענדיגט זיך.—מיר שטעהען פאַר אַן עפענונג... וואוהין געהט מען ווײַטער? מײַן פירהרער האָט אין דער שטאָק-פינסטערניש נישט געקאָנט געבען קײן עצה. איך האָב איהם בעפוילען צו בלײַבען שטעהן און אַלײן האָב איך זיך געלאָזען געהן טאַפּענדיג, כּדי פעסט-צושטעלען די ריכטונג ווײַטער. פלוצלונג האָב איך דערשפירט דאָס רוישען פון אַ שטיקעל פאַפּיר בײַ מײַנע פיס. איך האָב אָנגעצונדען נאָך אַ צינד-העלצעל און אונטערגעצונדען דאָס פאַפּיר׳ל. כ׳האָב דערקענט, אַז דאָס איז געווען דאָס פאַפּירל, אין וועלכע ס׳איז געווען אײַנגעוויקעלט ס׳פלײש, וואָס איך האָב פריהער געגעסען.

— מיר זענען אין טויטען מאַן! — האָב איך אויסגערופען — יעצט ווײס איך שוין דעם וועג!

כ׳האָב אויך געפונען די שטײנערנע באַנק, אָבער כּדי צו געפינען די ניעדעריגע עפענונג, האָב איך געמוזט מפקיר זײַן נאָך אַ צינד-העלצעל. איך האָב געוואוסט די צאָהל פון די שריט, איך בין אַרײַנגעקראָכען און געראַטעוועט געוואָרען. איך געפין יעצט נישט קײן ווערטער צו שילדערן אײַך, ווי גליקליך איך האָב זיך געשפירט, ווען איך האָב וויעדער דערזעהן דעם הימעל איבער זיך...

אויפ׳ן וועג צוריק קײן בעני האַסאַן האָב איך געפרעגט בײַ מעהעמעד, אויב ער האָט מיט זיך דעם קראָקאָדיל. — „דו האָסט איהם געלאָזען ליעגען אין טויטען מאַן, אָה, הערר!“ — האָט ער מיר געענטפערט. — מיר איז געוואָרען אַזוי טרויעריג צו מוט, אַז איך האָב שוין נישט געוואָלט רײַזען ווײַטער, איך האָב דעריבער גענומען דאָס ערשטע שיפעל

קײן קאַאירא און בין געקומען אַהײם, וואו איך בין אַרײנגעפֿאַלען אין אַ טיפֿען פֿיבער. צווישען די פֿיעל, פֿיעל אוצרות, וואָס איך האָב געבראַכט מיט זיך פֿון מײן געליבטען עגיפּטען און וועלכע איך בעטראַכט אָפֿט מיט בענקשאַפֿט און ליעבשאַפֿט, געפֿינט זיך אויך אַ גאַנץ געוועהנליך פּודעלע מיט אײן צינד-העלצעל און דערבײ ליעגט אַ צוזאַמענגעלעגט בלאַט פֿון אַ צײטונג, בײדע דאָזיגע זאַכען האָבען מיך אַרויסגעראַטעוועט מיט'ן אויבערי-שטענ'ס הילף פֿון די קברים אונטער דר'ערד און געפֿיהרט צוריק צום לעבען.

די גאַנצע געזעלשאַפֿט האָט געהער'ט מיט געשפּאַנטער אויפֿמערקזאַמקײט די ער-צעהלונג פֿונ'ם יונגענמאַן. יעצט זענען ז. ע. אויפֿגעשטאַנען און נעדריקט איהם די האַנד, ווינשענדיג איהם גליק צו זײן רעטונג דורך אַ נס פֿון אַזאַ שרעקליכער געפֿאַהר. נאָר יאָ-זעפֿינע האָט נישט גערעדט קײן וואָרט. ערשט שפּעטער, ווען זי איז מיט איהם צוזאַמען אַהײם געגאַנגען, האָט זי אויפֿ'ן וועג געזאָגט:

— ווי לײכט האָסטו געקאָנט אין דער דאָזיגער אַוואַנטורע געפֿינען דעם טויט!

— און דו, קוזינע — האָט הענאָך געפֿרעגט — וואָלסט טאַקי בעטרויערן דעם טויט פֿון דײן אָדימען קוזין?

— נײן, דאַמאָלס נאָך נישט, אָבער...

דאָס יונגע מײדעל איז פּלוצלונג אַנטשוויגען געוואָרען אין פֿערלעגענהײט.

— אָבער — האָט הענאָך געפֿרעגט ווײטער — יעצט וואָלסטו געהאַט מיט מיר אַביסעלע מיטלײד, ווען ס'וואָלט מיר אַנ'אונגליק נעטראָפֿען?

יאָזעפֿינע האָט דערויף נישט געענטפֿערט. שווײגענד זענען זײ בײדע געקומען אַהײם.

אויף צו-מאָרגענס איז הענאָך אַרײנגעקומען אין קאַבינעט פֿון זײן פֿעטער און נאָכ-דעם ווי ער האָט די מהיר פֿערשלאָסען הינטער זיך, האָט ער געזאָגט:

— פֿעטער, צי קאָן איך רײדען מיט דיר אײניגע מינוטען אונגעשטערט-מערהײד?

יוסף ווערטהײמער איז אַרוים אין צווײטען צימער, וואו זײנע קאַנטאָר-לײט זענען געזעסען און געבעטען, אַז מען זאָל איהם אַ קורצע צײט נישט שטערען, דען ער האָט צו פֿיהרען אַ וויכטיגען שמועס מיט עמיצען.

— ליעבער פֿעטער! — האָט הענאָך געזאָגט הערצליך — דו ביזט שטענדיג געווען פֿאַר מיר אַ גוטער פֿאָטער און ווערסט אויך יעצט נישט זײן בײז אויף מיר, ווען איך וועל פֿערלאַנגען פֿון דיר אַ גרויסע זאַך. איך וויל, אַז דו זאָלסט מיר געבען דײן טאָכטער יאָזעפֿינע פֿאַר אַ ווײב.

— מײן ליעבער זוהן! — האָט ווערטהײמער געענטפֿערט — פֿון מײן זײט בין איך גערן גרײט צו ערפֿילען דײן פֿערלאַנג, אָבער...

דער באַנקיר איז אַנטשוויגען געוואָרען. ער האָט נישט געקאָנט געפֿינען דאָס ריכ-טיגע וואָרט.

— האָסטו אפשר מורא, אַז איך וועל בײ איהר נישט נושא-חן זײן?...

— נײן, נישט דאָס! איך רעכען, אַז דו האָסט געמאַכט אויף איהר אַ גוטען אײנ-דרוק און זי וועט זיך נישט אָבזאָגען צו ווערען דײן פֿרוי, אָבער זי האָט זיך איהר פֿאַנ-טאַזיע — זי וויל אַרײנטרעטען אין טעאַטער און ווערען אַ זינגערין; זי פֿערלאַנגט פֿון איהר קינפֿטיגען מאַן, אַז ער זאָל איהר דאָס ערלויבען, אַנדערש וועט זי איהם צווינגען צו

געבען איהר נט, כדי זי זאָל בעקומען פרייהייט און אויספיהרען איהרע נאַרישע [illegible]נעה.

— אָהאָ, ליעבער פעטער, וואָס אַנבעלאַנגט דעם, דאָס איבערלאָז מיר. איך גלויב ניט, אַז יאָזעפינע זאָל מיר יעצט שטעלען אַ וועלכען ס'איז בעדינג. נאָך דער חתונה אָבער קאָנסטו זיך שוין אויף מיר פערלאָזען, אַז יאָזעפינע וועט פונ'ם גליקליכען הויז־ליכען לעבען מיט מיר נישט בענקען נאָך די שטראַהלענדע לאָמפען פון דער אָפּערע.

— זאָל דער אויבערשטער געבען, מיין זוהן, זאָל דער אויבערשטער געבען! אדרבה פערזוך דיין גליק, גנעה, טהו!... פון מיין זייט גיב איך דיר מיט'ן פולען האַרצען מיין פאָטערליכע ברכה!

---

# 7 דער גליקליכער פעטער און זיין צואה.

העניאָך איז העלסט צופריעדען געווען מיט'ן רעזולטאַט פון זיין געשפרעך מיט'ן פעטער; יעצט האָט ער זיך גענומען פאַר'ן צווייטען טייל פון זיין אויפגאַבע — צו רעדען מיט יאָזעפינע'ן. ער איז אַריינגעקומען צו איהר אין צימער און געפונען איהר ביי אַ ווייבערשער האַנד־אַרבייט. די אַלטע מוהמע איז געווען מיט איהר.

— ליעבע מוהמע — האָט העניאָך געזאָגט — דער פעטער ברויכט עפּעס מיט דיר צו רעדען און ער בעט דיך צו זיך.

די אַלטע פרוי האָט איהם אָנגעקוקט פערוואונדערט, זי האָט אָבער קיין וואָרט נישט גערעדט און האָט פערלאָזען דאָס צימער. בלייבענדיג אַליין מיט יאָזעפינען, האָט העניאָך זיך ערשט דערשפירט אַביסעל פערלעגען און נישט געוואוסט, מיט וואָס אָנצוהויבען. נאָך אַ לענגערע פויזע איז ער צוגעגאַנגען צום שפיגעל און זיך בעטראַכט דערין זעהר אויפמערקזאַם.

— וואָס טהוסטו דאָרט? — האָט יאָזעפינע איהם אַ פרעג געטהון.

— איך וויל אַמאָל זעהען, וואָס איז פאַר אַ מענש דער העניאָך ווערטהיימער, וועל־כער האָט אַזוי פיעל געדרייזט אַרום דער וועלט און האָט אָהן אומזיסטער שרעקעניש זיך פאָרגעשטעלט פאַר'ן ענגיפּטישען קעדיוו, פאַר פיעל טערקישע פּאַשאַ'ס, פאַר אייראָפּעאישע גענעראַל־קאָנסולען, פאַר אַראַבישע שייכען און פאַר דרוזען־פירשטען, און יעצט שטעהט ער פאַר אַ יונג מיידעל, פערלעגען און נישט וויסענדיג, ווי אַזוי אָנצוהויבען מיט איהר צו רעדען און וואָס איהר צו זאָגען.

און רעדענדיג אַזוי, האָט העניאָך זיך אַ קעהר געטהון צו יוזעפינען.

— יאָזעפינע — האָט ער געזאָגט — איך זעה, אַז דו ביזט פאַר מיר גאַנץ פריינד־ליך, צי ווילסטו מיין ווייב ווערען?

— יאָ—האָט זי געשעפּטשעט שטיל.—איך וויל ווערען דיין פרוי; אָבער איך האָב בעדינגונגען.

— בעדינגונגען? — האָט העניאָך געפרעגט כלומר'שט פערוואונדערט — אויף בעדינ־גונגען גנעה איך נישט איין. ווילסטו מיך נישט און זאָגסט מיר אָב, פערלאָז איך נאָך היינט דיין פאָטערס הויז. ווען אָבער דו ווילסט מיך יאָ האָבען פאַר אַ מאַן, טאָ מוזטו זיך אונטערגעבען מיר אינגאַנצען, אויף גנאַד, אָדער אונגענאַד. ווי שטעהט אין אונזער־

הייליגער תורה? „און ער זאל דיין הערר זיין!" — ועהסטו, יאזעפינע, איך בין נישט קיין בעלן מותר צו זיין אפילו אויף א האאר פון אט דעם זכות, וואס די תורה האט מיר געגעבען. פונדעסטוועגען האסטו, יאזעפינע, נישט וואס מורא צו האבען. איך וועל אייביג געדענקען דאס, וואס אונזערע חכמים האבען אונז בעפוילען, אז פאר א מאן מוז דער כבוד פון זיין פרוי זיין טייערער, ווי זיין אייגענער און אז ער זאל די פרוי מעהר עהרען, ווי זיך זעלבסט. אין אלע נעבענזאכען וועסטו שטענדיג נעפינען אין מיר א געטרייען און גוט הארכזאמען פערעהרער; אבער אין אלץ, וואס בעציהט זיך אויף מיינע לעבענס-פרינציפען מוזטו זיך אונטערגעבען מיין רצון. איך בין ווייט פונ'ם געדאנק אבצוזאגען זיך פון מיין מאכט דורך וועלכע עס איז בעדינגונגען פאראויס.

— דו בייזער, שטרענגער מאן! דו ווייסט דאך גארנישט, וואס פאר בעדינגונגען איך וויל דא מאכען!

— איך וויל גאר נישט בעקענען זיך מיט זיי אויך! ווארום ממה-נפשך: בעציהען זיי זיך אויף א נעבען-זאך, ברויכסטו זיי גארנישט צו מאכען, ווייל זיי וועלען אלענפאלס ערפילט ווערען; פערקעהרט, אויב זיי בעציהען זיך אויף א פרינציפיעלען ענין, ערקלער איך פאראויס, אז איך וועל זיך אבזאגען צו ערפילען זיי. אלזא, בעשליס זיך, קוזינע — אויף גנאד אדער אונגענאד!

א פאר מינוט נאכדעם זענען א גליקליכע פאר, א יונגע חתן-כלה, אריינגעקומען צו יוסף ווערטהיימער אין זיין פריוואט-קאבינעט און געבעטען ביי איהם זיין ברכה צו זייער פער'קנס'ונג.

דער אלטער מאן האט ארומגעארעמט זיינע קינדער און האט זיך צעוויינט אליין, ווי א קינד. א שווערע משא איז איהם אראבגענומען געווארען פון הארצען.

מען האט באלד פונאנדערגעשיקט תנאים-אנאנסען אין גאנץ פראג און אין פיעל אנדערע שטעדט. איין אנאנס איז אויך אריינגעפאלען אין די הענד פון דער גובערנאנטקע ברוינפעלז, וועלכע האט גזלעבט אין האמבורג אויף א שטעלע. א פאר טעג שפעטער איז אנגעקומען א גליק-וואונש פון דער גובערנאנטקע. ווען יאזעפינע האט דאס בריוועלע דורכגעלעזען, האט זי עס תיכף פערברענט, דען זי האט געציטערט, אז איהר חתן זאל נישט דערזעהען דאס צעטעלע און בעקענען זיך מיט זיין אינהאלט...

אין ווערטהיימער'ס הויז איז געווארען זעהר פרעהליך און לעבעדיג. עס זענען דערהאלטען געווארען פיעל בעגריסונגען, אויף וועלכע מען האט געמוזט ענטפערן. מען האט געמאכט גרויסע איינקויפונגען, און שניידערקעס און נייטערינס זענען געווען בעשעפטיגט מיט'ן נייהען א גאב פאר דער רייכער כלה, דען די חתונה האט מען אויף לאנג נישט אבגעלעגט און זי האט נעדארפט באלד פארקומען.

ענדליך איז געקומען דער בעשטימטער טאג חמשה-עשר-בשבט. די קידושין האט מסדר געווען דער אלטער עהרווירדיגער רב ראפאפארט. נאך דער חופה איז פארגעקומען א רייכער מאהלצייט, אויף וועלכען עס זענען געווען איינגעלאדען אלע פריינד און בעקאנטע. מען האט אפילו אויך איינגעלאדען א בדחן, וועלכער האט אויפ'ן פארצייטיגען יודישען שטייגער משמח געווען די געסט. אונטער אנדערן האט דער דאזיגער בדחן געהאלטען א רעדע, אין וועלכער ער האט אין א שענער פארם אנגעוויזען, ווי נישט יודיש-

ליך עס איז דער נייער מנהג, וועלכען מען האט איבערגענומען ביי די ארומיגע פעלקער צו מאכען א לוסט-רייזע נאך דער חתונה. אזא רייזע ברענגט קודם כל נור דערצו, אז דאס יונגע פאר-פאלק מוז תיכף אין די ערשטע לעבענס-שריט מחלל שבת זיין און קאן נישט אבהיטען, ווי געהעריג קיין כשר'ה קיך. זיין דאזיגע רעדע האט ער געענדיגט מיט א לחיים לכבוד דעם פרומען חתן, וועלכער האט אין זיינע וויטעסטע רייזען בעוויזען אבצוהיטען שטרענג זיין יודישקייט און לכבוד דער כלה, וועלכע איז א טאכטער פון א יודען א ירא-שמים, וואס היט אפ די תורה און איהרע געבאטען ביי זיין גרויסע עשירות און פערבונדענהייט מיט דער גרויסער וועלט.

דער דאזיגער „לחיים" האט געהאט גרויס ערפאלג. די סעודה האט זיך פערצויגען ביז שפעט אין דער נאכט, איבערלאזענדיג ביי אלעמען די אנגענעהמסטע זכרונות.

העניאך ווערטהיימער איז נאך דער חתונה אריינגעטראטען אלס קאמפאניאן צו זיין שווער אין געשעפט. יאזעפינע האט זיך געשפירט אונענדליך גליקליך. זי האט וועגען דעם געשריבען אויך איהר אמאליגער גובערנאנטקע און געבעטען איהר, אז זי זאל מעהר צו איהר קיינמאל נישט שרייבען אינ'ם טאן פון איהר בריוועלע נאך די תנאים, אויב נישט, וועט זי מוזען איבעררייסען מיט איהר די קארעספאנדענץ. א קורצע צייט נאכדעם האט יאזעפינע דערהאלטען אנ'ענטפער פון איהר גובערנאנטע, וועלכע האט זיך פונאנדערגעשאטען אין ברכות און גליקס-ווינשונגען פאר'ן יונגען פארפאלק; וועגען די פריהערדיגע עצות האט זי שוין יעצט קיין ווארט נישט געשריבען. יאזעפינע האט דעם דאזיגען בריעף בעוויזען איהר מאן מיט א גליקליכען שמייכעל.

א קורצע צייט נאכדעם איז דאס גליק פונ'ם יונגען פאר-פאלק פערפינסטערט געווארען. יוסף ווערטהיימער איז ערנסט קראנק געווארען. באלד האט די קראנקהייט אנגענומען א געפעהרליכען כאראקטער. דער קראנקער האט פערבעטען צו זיך אין צימער זיין יונגען איידעם און ערקלערט, אז ער וויל רעדען מיט איהם ביחידות,

— העניאך — האט ער געזאגט צו איהם, נאכדעם ווי אלע זייטיגע מענשען זענען פון צימער ארויסגעגאנגען — איך בין דיר שולדיג א גרויסען דאנק. דו האסט מיר מיין קינד געראטעוועט פון שלעכטע וועגען און ארויפגעפיהרט איהר אויף א יודישען לעבענס-וועג. איך בעט דיך: היט מיין קינד און בעשיץ עס, אויך ווען איך וועל שוין דא נישט זיין, כדי קיין נייער איינפלוס זאל נישט ווערען שעדליך פאר איהר. און למען-השם זעה צו האלטען די גובערנאנטקע וואס-וויטער פון איהר. איך בעט דיך, זאג מיר דאס צו.

העניאך האט דעם שטערבענדען פעטער דאס פייערליך צוגעזאגט.

א פאר טעג נאכדעם האט מען דעם פרומען יוסף ווערטהיימער מקבר געווען.

---

## 8. דעם פאטער'ס צואה.

יאזעפינע איז געווען טיעף פערטרויערט נאכ'ן טויט פון איהר פאטער. ערשט יעצט, ווען זי האט דעם פאטער פערלארען, האט עס איהר ביטער אנגעהויבען וועה טהון פאר-וואס זי האט איהם פערשאפען אזוי פיעל עגמת-נפש, ווערענד ער האט איהר אזוי ליעב

געהאַט, ערשט יעצט האָט זי דערזעהען, אַז נאָך אַזאַ אמת'ן גוטען פֿריינד, ווי דער טאַטע איז געווען, וועט זי שוין מעהר נישט האָבען.

איהר מאַן, העניאָך, האָט זיך בעמיהט צו טרייסטען איהר; ער האָט פֿערדאָפּעלט זיין ליעבשאַפֿט און זאָרג פֿאַר איהר און נישט אָבגעזאָגט איהם דעם קלענסטען פֿערלאַנג. באַלד איז אָבער געקומען די צייט, ווען ער האָט זיך דערזעהען געצוואונגען ענערגיש אַרויסצוטרעטען געגען איהר פֿערלאַנג. אין אַ געוויסען טאָג האָט יאָזעפֿינע איהם געבראַכט אַ בריעף פֿון איהר געוועזענע לעהרערין ברוינפֿעלז.

— די אָרימסטע — האָט יאָזעפֿינע געקלאָגט זיך — מוז שוין ווידער פֿערלאָזען איהר שטעלע. די קינדער זענען דאָרט זעהר נישט אַרטיג; די עלטערן זענען רייך געוואָרענע אויפֿגעקומענע הענדלער, וועלכע שטימען נישט זעהר מיט דער דייטשער גראַמאַטיק, די אונגליקליכע ברוינפֿעלז האָט אַן'אמת'ן גיהנם אין'ם דאָזיגען הויז. ליעבער מאַן, ווי וואָלט געווען, ווען מיר זאָלען זי אַריינגעהמען צו אונז אין שטוב?

— ליעב קינד — האָט העניאָך געזאָגט — דו ווייסט דאָך, אַז איך האָב זיך שטענדיג געאיילט צו ערפֿילען יעדען וואונש דיינעם. דאָס מאָל אָבער וואָלט איך דיך געבעטען, אַז דו זאָלסט זיך אָבזאָגען פֿון זיין ביטע. וואָס זאָל טהון די פֿרעמדע פֿרוי ביי אונז אין שטוב?

— ברוינפֿעלז איז דאָ נישט קיין פֿרעמדע, זי איז געווען מיין ערציהערין, די פֿריינדין פֿון מיין יוגענד.

— צו פֿערגעסטו אָבער, ליעב קינד, די עגמת-נפש, וואָס זי האָט פֿערשאַפֿט דיין פֿאָטער, זכרונו לברכה? נאָך וועהרענד זיין לעצטער קרענק האָט ער מיך גערופֿען צו זיין בעט און איבערגעגעבען מיר זיין לעצטע צואה, אַז איך זאָל דיך אָבהיטען און בעשיצען פֿון ברוינפֿעלז'ס איינפֿלוס. אַפֿילו, ווען פֿריילין ברוינפֿעלז זאָל בעקומען ביי עמיצען אַ שטעלע דאָ, אין פּראָג, וועל איך זיין געצוואונגען אָנצונעהמען שטרענגע מיטלען, דאָס זי זאָל נישט קאָנען קומען מיט דיר אין פֿערבינדונג.

— שטרענגע מיטלען? טייער הערר, וואָס פֿאַר אויסדריקען ערלויבט איהר זיך אָנצווענדען געגען מיר? צי בין איך אַ קליין קינד, וואָס פֿערשטעהט נישט אַליין אַרויסצוקלייבען זיך, מיט וועמען צו פֿערברענגען די צייט? צי בין איך דען אַ שקלאַפֿין, וועלכע איז מחויב צו געהאָרכען איהר הערן?

— דו ביזט מיין שענע, ליעבענסווירדיגע הערין — האָט העניאָך געזאָגט שמייכלענדיג — און איך בין דיין געהאָרכזאַמער דיענער, דיין געטריייער קנעכט אין אַלע נעבענזאַכען. דאָרט אָבער, וואו ס'האַנדעלט זיך וועגען פּרינציפּען, דאָרט מוזט דו אָנערקענען, אַז איך בין עלטער פֿאַר דיר און האָב מעהר ערפֿאַהרונג, ווי דו.

יאָזעפֿינע האָט אָנגעהויבען ביטערליך צו וויינען.

— אַ שענע הערשאַפֿט איז עס — האָט זי געזאָגט — וועלכע דו גיבסט מיר, אַ הערשאַפֿט איבער שמאַכטעס, היטלען, אָרעם-בענדער, שניר און קאָראַנקעס! אָבער אַ פֿריינדין זאָל איך זיך אויסקלייבען נור לויט דיין פֿערלאַנג. וואָס איז דיר דען נוגע, מיט וועמען איך פֿערברענג מיין צייט? צי וויל איך דען דיר שטערען, ווען דו ווילסט זיך אויסקלייבען פֿריינד און בעקאַנטע?

— מײַן ליעב װײַב! װען איך װאָלט מיר אױסגעקליבען אַ פֿרײַנד און דו װאָלסט געפֿינען, אַז דער דאָזיגער פֿרײַנד האָט אַ שלעכטען אײַנפֿלוס אױף מײַנע מדות און פּרינציפּען — װאָלט איך זיך פֿונ׳ם דאָזיגען פֿרײַנד תּיכּף אָבגעשאָקעלט, װי דו װאָלסט עס נאָר פֿערלאַנגט.

— מײַן ליעבער מײַן — האָט יאָזעפֿינע שױן אָנגעהױבען פֿרײַנדליכער — איך בין איבערצײַגט, אַז יאָזעפֿינע װעט זיך אײַנגאַנצען אונטערגעבען דעם טאָן און דער רגילות פֿון אונזער הױזליכען לעבען און זי װעט נישט טהון קײן זאַך, װאָס זאָל זײַן געגען דײַנע רעליגיעזע געפֿיהלען. נישט אמת, ליעבער הענאַך, דו ערלױבסט דאָך מיר צו בעפֿרײַען די אַרימע בערנאַרדינע פֿון איהר גיהנם אױף איהר יעצטיגער שטעלע און אַרײַנבערענגען איהר צו אונז אין שטוב נור אַזױ לאַנג, ביז זי װעט אַן׳אַנדער שטעלע בעקומען!

— נישט אױף אײן אײנציגען טאָג אפילו!

— דו שלעכטער, בײזער טיראַן! צי האַלטסטו מיך דען פֿאַר אַזאַ לײַכטזיניגען מענשען, אַז אין אַ קורצער צײַט װעל איך ענדערן מײַנע אַנשױאונגען?

— איך האַלט דיך פֿאַר דער שענסטער און ליעבענסװירדיגסטער פֿרױ אױף דער װעלט, און דו דאַרפֿסט אױף מיר קײן פֿאַראיבעל נישט האָבען - װען איך בין בעמיהט אָבצוהיטען שטרענג און געטרײַ מײַן טײַערען אוצר פֿון יעדען שעדליכען אײַנפֿלוס. שיק דײַן ברױנפֿעלז אַ היבשע סומע געלד, כּדי אַז זי זאָל תּיכּף פֿערלאָזען איהר שטעלע און זוכען זיך אַן׳אַנדער שטעלע לױט איהר געשמאַק, נישט ברױכענדיג זיך צו אײַלען.

— דו ביזט אַ גוטער מאַן! װי פֿיעל געלד זאָל איך איהר דען שיקען?

— איך װעל דיר אױסשטעלען אַ טשעק אױף הונדערט פּרײַסישע טהאַלער און אױב דאָס פֿרײַלײַן װעט ברױכען מעהר, בין איך גערײַט איהר שפּעטער צו שיקען נאָך אַמאָל אַזאַ סומע.

יאָזעפֿינע האָט הערצליך געדאַנקט איהר מאַן און דער שלום-בית איז צוריקגעשטעלט געװאָרען.

איהר פֿרײַנדין האָט זי געשריבען אין דעם זעלבען טאָג און געשיקט איהר דאָס געלד. אַ פּאָר טעג שפּעטער האָט זי דערהאַלטען אַ דאַנק-בריעף פֿול מליצות און שענע פֿראַזען.

אין איהר בריעף האָט די געװעזענע גובערנאַנטקע אונטער אַנדערן געשריבען, אַז זי האָט זיך שױן אָבגעזאָגט פֿון איהר שטעלע אין האַמבורג און אַז זי װיל פֿאָהרען קײן װיען, װאו זי האָט אַן׳אױסזיכט, צו בעקומען אַ נײַע שטעלע. מיטװאָך נאָכמיטאָג-צײַט, 3 אַ זײגער, װעט זי זײַן אין פּראָג, װאו דער צוג שטעלט זיך אָב אַ גאַנצע שעה. זי װאָלט געװען העכסט גליקליך, װען זי זאָל קאָנען זעהען זיך אױפ׳ן װאָקזאַל מיט איהר טײַערער שילערין.

יאָזעפֿינע האָט דעם בריעף איהר מאַן נישט בעװיזען און אין דער בעשטימטער צײַט איז זי געקומען אױפ׳ן װאָקזאַל. װען דער צוג איז אָנגעקומען זענען בײדע פֿרײַנדינס געפֿאַלען אײנע דער אַנדערער אױפ׳ן האַלז. דאַן זענען זײ אַרײַנגעקומען אין װאָקזאַל, װעלכער איז געװען גאָר לעדיג און האָבען זיך געזעצט אין אַ װינקעלע דורכשמועס׳ן זיך.

— װי גוט דו זעהסט אױס — האָט פֿרײַלײַן ברױנפֿעלז געזאָגט — אָבער פֿאַרװאָס געהסטו נישט אין שװאַרצען? אַן׳עלעגאַנטער שװאַרצער אַנצוג װאָלט דיר זעהר גוט געפּאַסט!

— מײַן מאַן-טיראַן ערלויבט נישט, אַז איך זאָל טרויערן נאָך מײַן פֿאָטער דורך אַ שוואַרץ קלײד. ער זאָגט, אַז דאָס איז נישט לויט'ן יודישען מנהג.

— און פֿאַרוואָס האָסטו איהם נישט געבראַכט מיט זיך? איך האָב אַזוי שטאַרק געגאַרט צו בעקענען זיך מיט'ן מאַן פֿון מײַן טײַערער יאָזעפֿינע!

— דער טיראַן וויל נישט ערלויבען, אַז איך זאָל מיט דיר פֿערברענגען. ער שרעקט זיך, אַז דו וועסט האָבען אַ שלעכטען אײַנפֿלוס אויף מײַנע רעליגיעזע אָנשויאונגען.

— און דאָך האָט ער דיר ערלויבט מיר צו שיקען געלד?

— אָה, מײַן מאַן איז עדעל און גוט! נאָר געגען דיר האָט מײַן פֿאָטער עליו השלום איהם שטאַרק אויפֿגערייצט.

— ווייסטו, יאָזעפֿינע, איך נעהם אָן יעצט אַ שטעלע אין ויען. ווי דו האָסט מיר געשריבען, פֿאָהרט דײַן מאַן אָפֿט קיין ויען, פֿרעגען זיך אײַן אַזוי, אַז דו זאָלסט קאָנען פֿאָהרען מיט איהם, ווערהענד דײַן מאַן וועט זײַן פֿערנומען אין געשעפֿטען, וועסטו געפֿינען גענוג צײַט, אַז מיר זאָלען קאָנען פֿערברענגען צוזאַמען, און דײַן מאַן וועט דערפֿון גאָרניט וויסען...

יאָזעפֿינע איז ענטציקט געוואָרען פֿון'ם דאָזיגען פֿאָרשלאָג. בײדע פֿרײַנדינס האָבען אָנגעהויבען מאַכען פּלענער, ווי אַזוי זיי וועלען צוזאַמען בעזוכען אין ויען די מוזעען. די צײַט איז דערווײַל געשווינד אַריבער און בײדע פֿרײַנדינס זענען באַלד איבעראַשט געוואָרען דורכ'ן קלונג, וועלכער האָט זיי דערמאָהנט, אַז ברוינפֿעלז מוז אָבפֿאָהרען. מען האָט זיך געשווינד אַרומגענומען צום אָבשיעד. ברוינפֿעלז איז אַרײַנגעשטיגען אין וואַגאָן.

— און ווי האַלט עס — האָט זי געפֿרעגט בײַ יאָזעפֿינע'ן שוין דורכ'ן וואַגאָן-פֿענסטער'ל — מיט דײַנע טעאַטער-פּלענער? ציי האָסטו זיך שוין גאָר אָבגעזאָגט פֿון צו זאַמלען רוהם דורך דײַן זינגען?...

דער לאָקאָמאָטיוו האָט אַ פֿײַף געטהון, דער צוג האָט זיך געריהרט פֿון אָרט און האָט אָנגעהויבען פֿערשווינדען.

יאָזעפֿינע איז געבליבען שטעהן, ווי צומומעלט אויפֿ'ן פּלאַץ, טריקענענדיג איהרע נאַס געוואָרענע אויגען.

די פֿראַגע פֿון איהר פֿרײַנדין: ווי האַלט עס מיט דײַנע טעאַטער-פּלענער, אויף וועלכער זי האָט נישט געקאָנט ענטפֿערן, האָט אָהן אויפֿהער געקלונגען אין איהרע אויערן. יאָ, וואָס איז געוואָרען פֿון איהרע טעאַטער-פּלענער? זי האָט געשפּירט אַ הייסע בענקשאַפֿט נאָך כבוד און בעריהמטקייט, וועלכע זענען געווען שוין פֿון לאַנג איהרע ליעבסטע און טײַערסטע חלומות. אמת, איהר העניאָך איז גוט און איידעל-מוטיג און זי האָט איהם באמת געליעבט. אָבער ציי האָט ער דען נישט געקאָנט ערלויבען, אַז זײַן פֿרוי זאָל זיך ערווערבען אַן אונשטערבליכע בעריהמטקייט?

יאָזעפֿינע איז געווען אין אַ שרעקליכער אויפֿרעגונג. אַלע חלומות פֿון איהרע מיידעלשע יאָהרען האָבען זיך ווידער אויפֿגעהויבען פֿאַר איהרע גײַסטיגע אויגען. זי האָט זיך ווידער דערמאָהנט, ווי זי האָט זיך אויסגעמאָלט אַזוי שען צו קאָנען ווירקען אויף דער גרויסער מאַסע, צו בעוועגען אונצעהליגע מענשען צו בעוואונדערן זי, צו ענטציקט ווערען מיט איהר, בעגײַסטערט צו ווערען. ווי אָפֿט האָט זי געטראַכט וועגען דעם, אַז

אירע הימלישע קונסט וועט זי דערהויבען צו די העכסטע געזעלשאפטליכע קרייזען, אז דער קייזער און די קעניגען וועלען איהר איבערפילען מיט בעעהרונג. און אט איז אלץ פערשוואונדען, פערביי אויף אייביג. זי איז געוועזען און געבליבען אן'איינפאכע פרוי פון א באנקיער, בעגרענצט איפ'ן קרייז פון איהר הויז.

— ווי איז עס אבער, וועגען הענאך...—אה, ניין, דעם דאזיגען געדאנק האט זי גאר נישט געטארט דערוועקען אפילו, זי האט קיינמאל גאר נישט געטארט טראכטען אפילו צו ענדערן זיינע געדאנקען אין אט דער ריכטונג.

ווען יאזעפינע איז געקומען אהיים, האט זי זיך פערשלאסען אין איהר צימער און האט לאנג געוויינט. א גליק איז פאר איהר געווען, וואס איהר הענאך האט דערהאלטען א דעפעשע, וועלכע האט איהם ארויסגעפאדערט אין א פאר שעה ארום קיין וויען. העכסט פערנומען, האט ער גארנישט בעמערקט, אז זיין פרוי איז א לאנגע צייט נישט געווען אין דערהיים און ווען זי איז ענדליך אריינגעקומען צו איהם אין קאבינעט, האט ער איהר ערקלערט, אז ער מוז אין אוועגנד פאהרען קיין וויען און פערבלייבען דארט א וואך צייט. יאזעפינע האט זיך צעוויינט און הענאך האט, פערשטעהט זיך, אויפגענומען דאס פאר א סימן פון טרויער צוליעב דער נויטווענדיגקייט צו שיידען זיך מיט איהם אויף אזא לאנגע צייט.

— נעהם מיך מיט דיר, הענאך! האט יאזעפינע זיך געבעטען.

— ניין, קינד, דאס איז אונמעגליך! איך האב אין וויען פיעל ארבייט, און וואס וועסטו דארט טהון אליין אין דער גרויסער שטאדט?

— איך האב אבער נאך קיינמאל נישט געזעהן וויען און איך גאר וועהר צו בע-קענען זיך מיט די צאהלרייכע קונסט-אוצרות און די מוזעען אין דער קייזערליכער שטאדט; איך וועל שוין דארט געפינען עמיצען, ווער ס'וועט מיך בעגלייטען און פיהרען אין אלע בעריהמטע ערטער.

— ניין, קינד, דאס געהט נישט! איך אליין וואלט מיט'ן גרעסטען פערגניגען דיך געפיהרט אומעטום און בעוויזען דיר אלע וועלטענע און טייערע זאכען. איך האב שוין אליין זיך פארגעשטעלט, ווי איך וועל קומען מיט דיר קיין וויען און ווייזען דיר דארט אלע מערקווירדיגע זאכען. אין מיטען זומער, אם ירצה השם, וועל איך זיך בעפרייען אויף עטליכע וואכען פון געשעפט און מיר וועלען מאכען א רייזע קיין וויען און דאן ווע-לען מיר אלץ בעזוכען אין בעטראכטען אויפ'ן גרינדליכסטען אופן. הענאך האט געוואלט ריידען ווייטער, אבער דא זענען אריינגעקומען די אנגעשטעלטע פון קאנטאר און יעדער פון זיי האט געהאט איבערצוגעבען וויכטיגע אנגעלעגענהייטען און האט געווארט אויף בע-פעהלען. יאזעפינע האט געמוזט אוועקגעהן צוריק אין איהר צימער מיט א פערפרעסט הארץ.

• באלד איז געקומען די צייט פון אוועקפאהרען. כמעט ביז'ן לעצטען אויגענבליק איז הענאך געווען פערנומען. דאן האט ער זיך געזעגענט מיט זיין פרוי אויף געשווינד און איז אבגעפאהרען צום וואקזאל, וואו דער צוג איז שוין געשטאנען גרייט צום אבגעהן. הענאך האט נאך געהאט צייט צו כאפען א בילעט אין אריינגעהן אין וואגאן. דער צוג האט זיך תיכף גערירט פון ארט.

איינער אליין אין וואגאן, מיעד פון דער אנגעשטרענגטער ארבייט פאר'ן אבפאהרען,

איז ער תיכף איינגעשלאָפֿען. ער האָט גאָרנישט געשפּירט, אז ביי זיין פֿרוי האָט זיך שוין אָנגעהויבען אַ רעאַקציע ...

יאָזעפֿינע איז געזעסען אין איהר צימער אַליין. אַ גאַנצע נאַכט איז זי נישט געשלאָפֿען. די פֿראַגע, וואָס איהר פֿריינדין האָט איהר געשטעלט, האָט אונאויפֿהערליך געגאָגט ביי איהר אין האַרצען: וואָס איז געוואָרען פֿון איהרע טעאַטער-פּלענער? צי האָט זי זיך שוין גאָר אָבגעזאָגט פֿונ'ם גרויסען רוהם, וואָס עס האָט אַ בעריהמטע וועלט-זינגערין?..

## 9. די רייזע אין וויען.

ס'איז געווען אַ שענער זומער-טאָג אין יאָהר 1852, ווען הענאָך האָט, לויט זיין הבטחה, געלאָזען זיך אויף דער רייזע מיט זיין פֿרוי קיין וויען. יעצט איז ער געווען פֿריי אויף עטליכע וואָכען פֿון געשעפֿט און ער האָט געוואָלט בעווייזען יאָזעפֿינע'ן אַלע מערקווירדיגקייטען אין דער גרויסער שטאָדט. דאָס איז געווען אַ הערליכע רייזע דורך אַ גרויסען טייל פֿון בעהמען און מעהרען. בעזונדערס שטאַרק האָט זיך פֿעראינטערעסירט יאָזעפֿינע מיט'ן שפּיעלבערג ביי ברין. ווער עס קוקט פֿון דערווייטען אויף דעם בורג, וועלכע דערהויבט זיך איבער דער הויפּטשטאָדט פֿון מעהרען, דער קאָן זיך קוים פֿאָרשטעלען, וויפֿיעל טרעהרען, יסורים און עלענד ס'איז פֿערבונדען מיט דער דאָזיגער בורג. דער שפּיעלבאַרג איז אַ טורמע. אין איהם האָבען אַמאָל געשמאַכטעט דער בעריהמטער פּאַנדורען-אָנפֿיהרער, פֿרייהערר פֿאָן טרענק. דאָס איז געווען אַ העלדישער פֿעלדהערד, אָבער ער האָט פֿערפֿלעקט זיין רוהם דורך זיינע גרויזאַמקייטען. אין יאָהר 1745 האָט ער געלאָזען זיינע פּאַנדורען מאַכען אַ פּאָגראָם אין פּראַגער געטאָ. פֿיעל אונשולדיגע יודען האָבען דערביי פֿערלאָרען זייער לעבען. אין דער רוהיגער הויפּט-שטאָדט פֿונ'ם קרוין-לאַנד פֿון זיין קייזערין האָט ער געלאָזען בעראויבען און אויס'הרג'ענען נאָר אונשולדיגע מענשען. פֿאַר איהם איז געווען אַלץ איינס, צי ער איז אַדורכגעגאַנגען אין אַ פֿריינדליכען, אָדער אַ פֿיינדליכען לאַנד,—אומעטום האָט ער מיט זיינע פּאַנדורען אָבגעטהון שענדליכע, גרויזאַמע מעשים. לאַנג האָט די קייזערין מאַריאַ טערעזאַ בעשיצט איהר ריטער העלד, ביז ס'האָט זיך ענדליך דערהויבען דאָס געשריי פֿון דער געפּייניגטער מענשהייט צום טראָהן. דאַן האָט מען ביי טרענקען צוגענומען אַלע זיינע טיטולען און מען האָט איהם אַלס געמיינעם רויבער און מערדער איינגעבראַכט אין דער בורג אויפֿ'ן שפּיעלבאַרג, וואו ער איז געשטאָרבען נאָך אַ לאַנגיעהריגער געפֿאַנגענשאַפֿט.

שנעל זענען געפֿלויגען די שעה'ן פֿאַר אונזערע רייזענדער אין צוג. דאָס יונגע פּאָרפֿאָלק איז געקומען קיין וויען און פֿערנומען דאָרט אַ קוואַרטיר אין האָטעל „צום גאָלדענעם שעפּס".

וויען איז דאַמאָלס נאָך נישט געווען אַזאַ שענע שטאָדט ווי זי איז היינט. דאָרט, וואו ס'ציהען יעצט די וואונדערפֿולע רינגשטראַסען, האָט מען דאַמאָלס נאָך געקאָנט זעהען די רעשטלעך פֿון דער פֿריהערדיגער פֿעסטונג; די טהורעמס און די גרויסע מאָנומענטאַלע געבײַדעס, וועלכע זענען דאָרט ענטשטאַנען אין דער נייער צייט, די אָפּערא,

די בערוע א. א. ח. ווענען נאך דאמאלט ניט געוועזען. פונדעסטוועגען איז היינט שוין אויך דאמאלס געוועזען א גרויסע שטאדט, וואס דערוועקט צו זיך רעספעקט. שוין די אלטע פערצייטיגע רוימער האבען אויפ'ן ארט, וואו היינט שטעהט יעצט, געפונען א שטאדט וואו זיי האבען איינגעבויט די פעסטונג ווינדאבאנא. דא איז אין יאהר 180 פון דער געוועהנליכער צייט־רעכנונג געשטארבען דער פילאזאפישער רוימישער קייזער מארק אורעל. דא האט קארל דער גרויסער געבראכען אין יאהר 791 די מאכט פון די אווארען. די שטאדט איז בעזונדערס גרויס אויסגעוואקסען אין דער צייט פון די באבענבער־ גער הערצאגען פון עסטרייך, וועלכע האבען אויסגעקליבען וויען פאר זייער רעזידענץ. אָנ־ הויבענדיג פון קייזער רודאלף פון דער האבסבורגער דינאסטיע. פאר די מויערען פון וויען איז צוויי מאל געבראכען די מאכט פון די טערקען: אין יאהר 1529 און 1633. אין יאהר 1815 האט דער וויענער קאנגרעס ענטשיעדען וועגען דעם שיקזאל פון אייראפא.

הערנאך ווערטהיימער, וועלכער האט פערלעבט זיינע ערשטע יוגענד־יאהרען אין וויען, האט געקענט די שטאדט גענוי און פאר איהם איז געוועזען אנ'אמת'ר פערגניגען צו שפא־ צירען דארט מיט זיין פרוי. דעם ערשטען טאג האט ער בעוויזען מיט איהר די קייזער־ ליכע הויף־ביבליאטעק, וועלכע איז איינע פון די בעריהמטעסטע ביכער־זאמלונגען אויף דער וועלט. די ביבליאטעק ענטהאלט העכער 300 טויזענד ספרים און העכער 20 טויזענד כתב־ידן. דורך ברייטע טרעפ, וואס ביי זייערע ווענד שטעהט מען פיעל רוימישע אלטער־ טימער, קומט מען ארויף אין א קאלאסאלען ביכער־זאאל, וואו ס'געפינט זיך אין מיטען אויף א מארמארענעם בעשטעל דאס בילד פון קייזער קארל דעם פיערטען, וועלכער האט גע־ לאזען בויען די געביידע. בילדער אויף דעקען פון גרויסע קינסטלער בינדען פעסט די אויפמערקזאמקייט פונ'ם צושויער, אומגעבען גלאנצט עס מיט מארמאר, גאלד און מאלעריי.

הערנאך האט געבעטען די בעדינער צו עפענען פאר איהם די שאנקען אין דער ביבליאטעק, כדי צו ווייזען זיין פרוי די תנ"ך'ן געשריבען אויף פארמעט, פערשיעדענע כתב־ידן אויף ליינוואנט פון בוימוואל און פלאקס, פאפיער פון מוילבערן און פאלם־בלעט־ טער פון די עלטסטע שריפטשטעלער פון 14. יאהרהונדערט, לינקוישע כתב־ידן מיט גאלד־ דענע אותיות אויף לאזור־שטאף און בילדער אויף פיאלען־בלעטער; דאס געבעט בוך פון קארל דעם פינפטען; כתב־ידן פון מעקסיקאנישע היערגליפען, פון טאסא'ס „בעפרייטע ירושלים", געשריבען מיט זיינע אייגענע הענד; ער האט זיך אויך געלאזען בעווייזען א מו־ זיק־ארכיוו פון 12 טויזענד בענדער, וועלכע ענטהאלטען די מייסטער־ווערק אין מוזיק פון אלע צייטען.

פון דער ביבליאטעק האט הערנאך געפיהרט זיין פרוי אין נאטוראליסטישען קאבינעט, וואו ס'געפינען זיך די מערקווירדיגסטע נאטוראליסטישע זאכען פון דער גאנצער וועלט. אין קאבינעט פון ווערטפולע מינעראלען האט ער איהר בעוויזען א טייערען אפאל, אדער דימענט, וועלכער וועגט 34 לויט און צלענצט זיך אויס מיט זיינע וואונדערליכסטע פארבען. א בעזונדערן אינטערעס דערוועקט דארט די גרויסע מעטעאר־שטיינער, וואס דער גרעסטער פון זיי וועגט 14 פוד. בשעה מען האט איהם געפינען תיכף נאך זיין אראבפאלען, איז ער נאך געוועזען גליהענד היים, און מען וואלט געקאנט זאגען, אז דאס איז געוועזען א מתנה פאר אונזער ערד פון אנדערע וועלטען. — אויך די שאץ־קאמער האט זיך

דאָ געפֿעֶנט פֿאַר הענאָכ'ן מיט זײַן פֿרוי, און אָט האָבען זײ געזעהען קאַרל דעם דרײַסטענס קריסטאָלענעם בעכער, בעדעקט מיט דימענטען און בריליאַנטען, די בעריהמטע זאלץ-פושקע, וואָס דער גרויסער מײַסטער בענוועגוטאַ צעליני האָט פֿערפֿערטיגט פֿאַר'ן פֿראַנצויזישען קעניג, פֿראַנץ דעם ערשטען. דאָ געפֿינען זיך אויך קאָנסיגניען פֿון עסטרײַכישע קײַזערליכע הויז-קרוינען, סצעפטערס, מלוכה-עפעל, זאַמלונגען פֿון אַלערלײ טײַערע שטײַנער, דער בעריהמטער פֿלאָרענטינער דימענט, וואָס וועגט $133^1/_3$ קאַראַט און שטאַמט פֿון די אוצרות פֿון קאַרל דעם דרײַסטען פֿון בורגונד. נאָך דער שלאַכט פֿון מורטען האָט אַ פּויער איהם געפֿונען אויפ'ן שלאַכט-פֿעלד און האָט איהם פֿערקויפֿט אַ סוחר פֿאַר אַ גולדען. אַ בעזונדערע אויפֿמערקזאַמקײַט האָט דאָס פֿאָרפֿאָלק געווידמעט דעם האָראָסקאָפּ, דורך וועלכען דער בעריהמטער פֿעלדהערר וואַלענשטײַן האָט געלײענט אין די שטערן דעם סוף פֿון דרײַסיג-יעהריגען קריעג.

קײן זאַך ערמידעט נישט אַזוי שטאַרק, ווי דאָס בעזוכען מוזעען און זאַמלונגען. הענאָך האָט דעריבער פֿאָרגעלעגט זײַן פֿרוי צו בעזוכען דעם אַנדערן העלפֿט טאָג די גרויסע לוסט-גאָרטענס, וואו מען שפּיעלט מוזיק. דאָ האָבען אָבער באַלד אַלע בעמערקט די שענע יאָזעפֿינאַ און מען האָט איבעראַל אָנגעהויבען צו רײדען וועגען דער שענער „פּראָגער פֿרוי". צופֿעליגער-ווײַזע איז דאַמאָלס געווען אין גאָרטען אויך בערנהאַרדינע ברוינפֿעלז מיט איהר ווירטין און שילער. די ווירטין האָט געבעטען די גובערנאַנטקע, דאָס זי זאָל איהר פֿאָרשטעלען פֿאַר איהר געוועזענער שילערין. ברוינפֿעלז האָט עס געטהון, פֿערשטעהט זיך, מיט'ן גרעסטען פֿערגעניגען. ווי נור יאָזעפֿינאַ האָט דערזעהען פֿון דערווײַטען איהר פֿריהערדיגע לעהרערין, האָט זי זיך געוואָרפֿען איהר אויפ'ן האַלז...

הענאָך האָט דאָ ערשט דערזעהען צו זײַן גרויסער שרעק, אַז די פֿרײַנדשאַפֿט צווישען זײַן פֿרוי מיט איהר געוועזענער גובערנאַנטקע איז נאָך העכסט שטאַרק. ער האָט דעריבער בעשלאָסען אין זיך פֿאַר קײן פֿאַל נישט צו דערלאָזען, דאָס די דאָזיגע פֿרײַנדשאַפֿט זאָל זיך יעצט פֿעדשטאַרקען דורך אָפֿטע צוזאַמענקומען זיך. צום אונגליק אָבער האָט איהם נישט געפּאַסט אָבצוזאָגען זיך פֿון דער אײַנלאַדונג צו געהן צוזאַמען מיט דער משפּחה, בײַ וועלכע די גובערנאַנטקע האָט יעצט געדיענט. מען האָט געמוזט מאַכען צוזאַמען אַ שפּאַציער און אַזוי-אַרום האָט יאָזעפֿינע געהאַט גענוג געלעגענהײַט אָנצושמועסען זיך מיט ברוינפֿעלז, ווי פֿיעל זי האָט נור געוואָלט. ברוינפֿעלז האָט פֿאַר'ן נעהמען אָבשיעד פֿון יונגען פּאָר פֿאָלק געבעטען, אַז מען זאָל איהר ערלויבען צו געהן אויפ'ן אַנדער טאָג מיט זײ צוזאַמען בעזוכען דאָס לוסט-שלאָס בעלוועדער. אַזוי-אַרום האָט יאָזעפֿינע פֿאָרויסגעזעהן, אַז זי וועט האָבען אַ געלעגענהײַט צו זײַן מיט איהר פֿרײַנדין צוזאַמען אַ גאַנצען טאָג. הענאָך איז געוואָרען שטאַרק אונרוהיג; אָבזאָגען די ביטע האָט איהם נישט געפּאַסט און ער האָט דעריבער אָנגעהויבען זוכען אַ מיטעל, ווי אַזוי צו בעפֿרײַען זײַן פֿרוי פֿון דער געפֿעהרליכער געזעלשאַפֿט.

ווען הענאָך מיט יאָזעפֿינען זענען געקומען צוריק אַהײם, האָט יאָזעפֿינע געפֿרעגט בײַ איהר מאַן.

— נו, הענאָך, ווי געפֿעלט דיר מײַן פֿרײַנדין בערנאַרדינע? האָסטו זיך שוין אויסקורירט פֿון דײַן פֿאָראורטהײל נעגען איהר?

— איך האָב קיינמאָל נישט געהאַט קיין פֿאָראורטייל געגען איהר—האָט העניאָך געענטפֿערט—איך געדענק נור אָן דעם לעצטען וואונש פֿון דיין פֿאָטער. אויך דו דאַרפֿסט אַלס געטרייע טאָכטער ערפֿילען דעם וואונש פֿון דיין פֿאָטער, וואָס ער האָט מיר אַרויסגעזאָגט פֿאַר זיין טויט, און האַלטען זיך פֿון דערווייטען פֿון פֿריילין ברוינפֿעלז.

יאָזעפֿינאַ האָט געשוויגען.

— איך האַלט עס פֿאַר מיין פֿליכט—האָט העניאָך געערעדט ווייטער—נישט צו דערלאָזען, אַז דו זאָלסט בעגייען דיין צוזאַמענקונפֿט מיט פֿריילין ברוינפֿעלז. ס'איז מיר אַפילו אַ-ת שווער אָבצוזאָגען איהר פֿון מאָרגענדיגען שפּאַציר מיט אונז צוזאַמען. אָבער דו וואָלסט געטהון זעהר גוט, ווען דו זאָלסט איהר אַליין איפּמערקזאַם מאַכען, אַז איך בין העכסט נישט צופֿריעדען מיט דיין אָפֿטע: צוזאַמענקומען זיך מיט איהר. אויב דו וועסט עס נישט טהון, וועסטו מיך צווינגען, אַז איך אַליין זאָל עס מוזען טהון.

— און דו וועסט עס טהון?

— איך האָב מבטיח געווען דיין פֿאָטער, עליו השלום, פֿאַר זיין טויט, אַז איך וועל דיך אָבהיטען פֿאַר'ן איינפֿלוס פֿון דיין געוועזענער גובערנאַנטקע.

## 10. דער שרעקליבער טויט.

אויף צו מאָרגענס גאַנץ פֿריה איז צו די ווערטהיימער'ס געקומען אַ שליח מיוחד פֿון דער גובערנאַנטקע מיט אַ מעלדונג, אַז זי איז פּלוצלונג קראַנק געוואָרען, בכן בעט זי, אַז מען זאָל אָבלעגען דעם שפּאַציר אויף אַ פּאָר טעג. די ווערטהיימער'ס האָבען דעריבער זיך בעשלאָסען צו מאַכען אַן עקסקורסיע אין'ם שענעם זומער-טאָג אין דאָס העלענטהאַל, וואו מען האָט דאַמאָלס געבויט די מערקווירדיגע באַהן איבער'ן זעמערינג, וועלכע פֿעראייניגט ווין מיט טריעסט. די באַהן איז דאַמאָלס שוין געווען פֿערטיג ביז איבער'ן זעמערינג. די ווערטהיימער'ס זענען געפֿאָהרען מיט דער דרום-באַהן ביז וויענער נוי-שטאָדט און פֿון דאָרט — צו-פֿוס ביז העלענטהאָל. דאָס איז אַ פּראַכטפֿולע געגענד: פֿון ביידע זייטען דערהויבען זיך בערג ביז אין הימעל אַריין און דער העכסטער פֿון זיי איז בעדעקט מיט אייביגען שניי. דורך די בערג רייסט זיך אַדורך דער טייך „די גרינע שוואַרצאו”, צו וועלכער מען קומט אַרונטער מיט אַ שמאָלער סטעזשקע. היינט געפֿינט זיך דאָרט דאָס גרויסע שלאָס פֿון דער וויענער וואַסער-לייטונג, און פֿיעל טוריסטען בעזוכען דאָס דאָזיגע טהאָל. דאַמאָלס אָבער איז די גאַנצע געגענד געווען שטיל און איינזאַם; דערפֿאַר האָבען אָבער געווירקט מעכטיגער די גרויסע נאַטור-ערשיינונגען. איבער'ן וועג העגנגען דאָרט געוואַלטיגע פֿעלזען, און ס'דאַכט זיך יעדע מינוט, אַז זיי פֿאַלען אַרונטער און פֿערשיטען די וואַנדערער. די טיעפֿע שטילקייט איז איבערגעריסען געוואָרען נור דורכ'ן זשומען און רוישען פֿון טייך, אויף וועלכע מען האָט געפֿיהרט גרויסע פֿראָמען האָלץ.

נאָך אַ לאַנגער וואַנדערונג איז העניאָך מיט זיין פֿרוי געקומען צו אַן אָרט, וואו דער טהאָל ווערט ברייטער. אונטער די העגנגענדע פֿעלזען זענען געווען אויסגעבויט קליינע הייזעלעך. דאָס איז געווען דאָס דאָרף קייזער-ברון. אין מיטען דאָרף זענען געשטאַנען גרויסע דאַמבען, וואָס אונטער זייערע מעכטיגע, קאַלטענעוואַטע צווייגען,

האָבען געשפּיעלט קינדער, וועלכע האָבען, ווי עס שיינט, געזאַמעלט זשאַלאָנדעס. אָבער ווען די ווערטהיימער'ס זענען אונטערגעקומען נעהנטער, האָבען זיי דערזעהן, צו זייער פּער־וואונדערונג, אַז דאָס זענען נישט קיין קינדער, נאָר עלענדע קליינע בעשעפּעניש׳ען, על פּי רוב שוין אין די עלטערע יאָהרען. אַנ'אַלטע פרוי מיט אַנ'אַראָבהענגענדען האַלז, וועלכע איז געזעכן נעבּיך אין הייזעל און געשטריקט זאָקען האָט, ווי עס שיינט אַלטונג געגענען אויף די דאָזיגע עלענדע בעשעפּעניש׳ען.

— וואָס זענען עס פאַר אַ ברואים'לעך?—האָט יאָזעפינא געפרעגט ביי דער פרוי

— דאָס זענען דאָך די טראָטעל׳ן.

יאָזעפינע האָט זיך אָבגעקעהרט דערשראָקען אָן אַ זייט.

טראָטעל׳ן רופט מען אין יענע געגענדען אונגליקליכע אידיאָטען פון קליינעם גע־וויקס און פון זעהר נישט שענער געשטאַלט. אינ׳ם דאָרטיגען וואונדערשענעם באַרג־לאַנד האָבען די איינוואוינער שרעקליכע קראַפּען, אָדער אַראָבהענגענדע העלזער, ווי ביי אונ־זערע ענדיקעס, טיילמאָל פון אַ שרעקליכער געשטאַלט און גרויסקייט; אַ טייל פון די דאָזיגע עלענדע זענען אידיאָטען פון געבורט. כמעט אין יעדער משפחה געפינען זיך שטענדיג 1 אָדער 2 אידיאָטען. אָבער דער אויבערשטער זאָרגט אויך פאַר די דאָזיגע אונגליקליכע, אַראָבגעבענדיג ביי אַלעמען אין הארצען עפּיס אַ מורא פאַר זיי און דעריבער ערלויבט זיך קיינער נישט צו בעליידיגען זיי אָדער אָבזאָגען זיי אין הילף. מען נעהמט זיי אָפּט אויף אַרבייט און מען בענעהט זיך מיט זיי מיט ליעבשאַפט, בעזאָרגענדיג זיי מיט מלבושים און אַכילה ושתיה.

אַ ווענגווייזער האָט געוויזען אונזערע מוריכטען דעם וועג אין גרויסען העלענבדאַל, וועלכער זעהט אויס, ווי אַ קיילעכדיגער פעלזען־קעסעל, אַרומגערינגעלט פון אַלע זייטען מיט הויכע פעלזען־ווענד. אונטער'ן שטאַרקען איינדרוק, וואָס די שענהייט פונ'ם אָרט האָט אויף זיי געמאַכט, האָבען אונזערע טוריסטען זיך אָבגעשטעלט דאָרט אַ לענגערע צייט; דאַן האָבען זיי זיך אומגעקעהרט צוריק קיין רייכענאַאו, וואו זיי האָבען איבערגענעכטיגט. אויף צו־מאָרגענס האָבען זיי זיך געלאָזען אויף דער וואַנדערונג ווייטער. ביי פּייערבאַך זענען זיי ענדליך געקומען צום אָרט, וואו מען האָט געהאַלטען אין בויען די באַהן, העכער 15 טויזענד מאַן, על־פּי־רוב איטאַליענער, זענען געווען בעשעפטיגט ביים וואונדערליכען בנין. פיעל קאַליקעס, געוועזענע אַרבייטער, וועלכע זענען פעראונגליקט געוואָרען ביי דיזער אַרבייט, זענען געשטאַנען און געבעטען נדבות. קינדער, יתומים פון זייערע עלטערן, וועל־כע זענען בעגראָבען געוואָרען דורכ'ן איינפאַלען פון באַהן־טונעל, וואָס איז פאָרגעקומען וועהרענד דער אַרבייט זעהר אָפט, האָבען אַרומגערינגעלט אונזערע טוריסטען, געשטעלט זיך פאַר זיי אויף די קניע, אויסגעשטרעקט און געבעטען נדבות. די וואונדערבאַרע גע־ביידע האָט געקאָסט שוין פיעל מענשען דאָס לעבען.

אונזערע וואַנדערער האָבען זיך געלאָזען געהן ווייטער. אין איינציגע ערטער האָט די באַהן זיך אַריבערגעוואָרפען איבער גוואַלטיגע אָבגרונדען און מען האָט דאָרט געמוזט בויען בריקען. אין איין אָרט האָט מען אויסגעבויט אַ בריק איבער אַנ'אָבגרונד פון טויזענד פוס. נישט קאָנענדיג בויען אַזעלכע הויכע סלופּעס, האָט מען געמוזט בויען די בריק אין עטליכע שטאָק, איינעם איבער אַנדערן, שבעהענדיג אויף דער בריק און קוקענ־

דיג אַרונטער איפ'ן שוויסטערדיגן בוך, שפּירט מען אַ געוואַלדיגען שווינדעל און ס'דאַכט זיך, אַז אָט-אָט פֿאַלט מען אַרונטער. אָבער די בריק האַלט זיך פֿעסט, מייער-פֿעסט!

אונזערע מיטרייזענדע ווענען ענדליך געקומען צום טונעל, וועלכער ציהט זיך 6000 פֿיס לאַנג אונטער אַ גאַנץ הויכען באַרג. באַלד ווענען צו זיי צוגעקומען אַרבייטער מיט לאַמטערנעס, כדי צו באַגלייטען זיי דורכ'ן טונעל און באַקומען ביער-געלד. צוויי אַרבייטער מיט אָנגעצונדענע לאַמטערנעס ווענען געגאַנגען פֿאָראויס, צוויי ווענען נאָכגעגאַנגען הינטער זיי. אַרום האָט געהערשט אַן אימה'דיגע פֿינסטערניש. פֿון די אויסגעמויערטע ווענד האָבען זיך געצויגען שנירעלעך וואַסער און מען האָט געקאָנט מיינען, אַז דאָס וויינט דער באַרג מיט ביטערע טרערען, פֿאַרוואָס מען האָט איהם דורכגעלעכערט און רעכטען האַרצען... ס'איז געווען אַ שרעקליך געפֿיהל צו וויסען, אַז מען האָט איבער זיך אַ באַרג פֿון 440 פֿוס הויך.

— הענאָך, לאָמיר געהן צוריק!— האָט יוזעפֿינאַ געבעטען זיך,— ס'איז מיר אַזוי שרעקליך!

— זיי נישט קיין קינד!— האָט הענאָך געענטפֿערט — באַלד וועט דאָ אָנהויבען געהן די באַהן און טויזענדער מענשען פֿאָהרען דעם דאָזיגען טונעל אָהן קיין שום מורא און זאָרג.

יאָזעפֿינע האָט געשוויגען, ציטערנדיג אין גאַנצען לייב, האָט זי זיך געלאָזען פֿיהרען ווייטער דורכ'ן האַרצען פֿונ'ם גרויסען באַרג. אָט איז מען שוין געווען באַלד ביי'ם אַנדערען אַרויסגאַנג און מען האָט שוין געזעהן די ליכטיגע שטראַהלען פֿון דער זון אין דער ווייטען בלוגלונג אָבער האָט זיך דערהערט אַ געוואַלדיג קראַכען.

— אַנטלויפֿט, אַנטלויפֿט!— האָבען איבערגעריפֿען די אַרבייטער — דער טונעל פֿאַלט-איין!

צו שפּעט. דער איינפֿאַלענדער באַרג האָט באַגראָבען זעקס לעבעדיגע מענשען...

פֿון אויסענווייניג האָט מען באַלד באַמערקט דאָס אומגליק. טויזענדער אַרבייטער האָבען תיכף גענומען אָברומען די איינגעפֿאַלענע ערד, די ציגעל און שטיינער. פֿאַרשטאָמען געוואָרען איז נור אַ קלייגער אָרט און אין אַ קורצער צייט אַרום האָט מען די פֿאַרשאָטענע באַפֿרייט.

הענאָך איז געווען שטערבליך פֿערוואונדעט. צוויי אַרבייטער ווענען געלעגען טויט. יוזעפֿינאַ און די איבריגע צוויי אַרבייטער ווענען געבליבען אומבעשעדיגט.

אייבען אין דער הויך איפ'ן וועמערינג שטעהט אַ האָטעל „צום ערצהערצאָג יאָהאַן". אַהין האָט מען אַריינגעבראַכט דעם שטערבליך-פֿערוואונדעטען הענאָך און זיין נע'הלס'טע פֿרוי. ווען מען האָט איהר ענדליך אָנגעמינטערט, איז איהר יאָמער געווען אָהן אַ גרענעץ. דער געבראַכטער דאָקטאָר האָט ערקלערט, אַז ס'איז מעהר נישטאָ קיין האָפֿנונג איהר מאַן אויסצוראַטעווען, ווען אַן אַריינגעפֿאַלענער שטיין האָט ביי איהם צעבראָכען דעם שאַרבען פֿון מוח. מען האָט אַפֿילו נישט געקאָנט האָפֿען, אַז דער פֿערוואונדעטער זאָל בעקומען צוריק כאָטש אויף אַ קורצער צייט דעם דעת.

די ידיעה וועגען דעם אומגליקליכען פֿאַל איז באַלד באַוואוסט געוואָרען אין גאַנץ ווין. ווען פֿרייליין ברוינבעלו האָט געלעזען וועגען דעם אין די צייטונגען, האָט זי די-

שפירט, אז דאָס כּוזען זײַן איהרע פריינד. ניש-קוקענדיג אויף איהר שוואַכקייט, איז באלד געגאַנגען אין האָטעל, וואו די ווערטהײַמער׳ס האָבען זיך אָבגעשטעלט און דאָ האָט זי זיך דערוואוסט, צו איהר גרויסער שרעק, אַז הענאָך מיט יוזעפינאַ׳ן זענען טאַקי אַרויסגעפאָהרען אויף אַנ׳עקסקורסיע צום זעמערינג. זי איז באַלד אָבגעפאָהרען מיט׳ן צוג צים אונגליקס-אָרט. אַרײַנקומענדיג אין האָטעל, האָט זי געטראָפען איהר פרײַנדין יוזעפינאַ׳ן, אַלײן אין צימער מיט איהר גוסס׳דיגען מאַן. יאָזעפינאַ איז געווען אין אַזאַ פערצווייפלונג, אַז זי האָט גאָרנישט געפונען קיין ווערטער אויסצודריקען איהר אונגליק פאַר איהר פרײַנדין.

הענאָך ווערטהײַמער איז געשטאָרבען דעםזעלבען טאָג. יאָזעפינאַ מיט איהר פרײַנדין האָבען געבראַכט דעם מת קײַן וויען, וואו ער איז געקומען צו קבר-ישראל. יאָזעפינאַ האָט זיך נישט געפונען קיין טרייסט. פרײַלין ברוינפעלז האָט באַלד פערלאָזען איהר שטעלע, כּדי צו לעבען צוזאַמען מיט איהר פרײַנדין. זי האָט אָנגעווענדעט אַלערליי מיטלען צוצושטרייען די יונגע טרויעריגע אַלמנה, אָבער דאָס איז איהר נישט געלונגען, ווייל יאָזעפינאַ איז געווען אין אַזאַ צושטאַנד, אַז זי האָט געמוזט זײַן צו-הויזע און האָט נישט געטאָרט געהן ערגיץ-וואו. דריי מאָנאַטען נאָך איהר מאַנ׳ס טויט האָט זי געבאָרען אַ געזונד יונגעלע, וועלכען מען האָט מל׳ה-געווען און אַ נאָמען געגעבען הענאָך, אָדער הײַנריך, ווי זײַן פאָטער האָט געהייסען.

## 11. יאָזעפינא אלס אפערא-ארטיסטין.

גאַנץ פּאַריז איז געווען אין אויפרעגונג. אין דער מעלאָדיען-רײַכער אָפּעראַ פון בעליני, אין נאָרמאַ, האָט געדאַרפט אַרויסטרעטען אַ יונגע זינגערין, וועגען וועלכער מען האָט דערצעהלט גאָר הידושים. די צײַטונגען האָבען געשריבען, אַז דאָס איז אַ יונגע אַלמנה, וועלכע האָט נאָכ׳ן פריהען טויט פון איהר מאַן, וועלכער איז געווען אַ רײַכער באַנקיר, זיך געווידמעט דער קונסט, אַלס ליעבהאָבערין. די אַלמנה האָט אָנגענומען דעם נאָמען ביאַנקאַ קאַראָדאָמאָ און, ווי מען האָט דערצעהלט, האָט זי געהאַט אַ שטימע, וועלכע האָט מיט איהר ריינקייט, מעכטיגקייט און שענהייט נישט געהאַט איהר גלייכען אין דער קינסטלערישער וועלט. די געבײַדע פון דער גרויסער פּאַריזער אָפּעראַ איז שוין געווען געפאַקט, נאָך לאַנג איידער ס׳האָט זיך אָנגעהויבען די פאָרשטעלונג. מענשען זענען געשטאַנען אַ קאָפּ אויף אַ קאָפּ. די פערשידענפאַרביגע קליידער פון די פרויען, די שוואַרצע אַנצוגען פון די הערען האָבען צוגעגעבען אַ וואונדערליך אויסזעהן דער גיגאַנטיש גרויסער געבײַדע. דער אײַנציגער רוהיגער פונקט אין טעאַטער איז געווען דער גרויסער בונקעל-רויטער פאָרהאַנג אויף דער בינע, הינטער וועלכען ס׳איז געווען פערבאָרגען די געהיימע זעלטענע שטימע, אויף וועלכער מיזענדער מענשען האָבען געוואַרט מיט אונגעדולד.

אויף אַ בעזונדערער שטוהל אין פּאַרטער איז געזעסען פרײַלין בערנהאַרדינע ברוינפעלז, ערוואַרטענדיג געשפּאַנט דעם ערשטען אַרויסטריט פון איהר פריהערדיגער שילערין. וואָרום די נײַע זינגערין, סיניאָראַ ביאַנקאַ קאַראָדאָמאָ, איז געווען נישט קיין אַנדערע, ווי הענאָכ׳ס אַלמנה, יאָזעפינאַ ווערטהײַמער, וועלכע האָט יעצט אָנגענומען אַנ׳אַנדער נאָמען. התחלת האָט יאָזעפינע זיך געשטעלט געגען דעם אײַנרײַדען פון איהר פרײַנדין אַרויסצו-

טרעטען געגען דעם אָנדענקען פֿון איהר פֿאָטער און איהר מאַן, וועלכע זענען ביידע געווען געגען דעם. אָבער די פֿריהערדיגע גובערנאַנטקע האָט געשווינד איבערגערעדט איהר געוועזענע שילערין. ביידע פֿריינדינס זענען געקומען קיין פּאַריז און האָבען זיך געמעלדעט ביים דירעקטאָר פֿון דער גרויסער אָפּערע. דער דירעקטאָר איז באַלד ענטציקט געוואָרען ווען ער האָט דערזעהען יאָזעפֿינע'ן; ווען אָבער ער האָט געהערט איהר זינגען, איז ער אַריינגעקומען אין אַן'אונגעוועהנליכער בעגייסטערונג. און האָט ערקלערט:

— איך אַנגאַזשיר אייך תיכף, גנעדיגע פֿרוי, פֿאַר דער גרויסער אָפּערע. איהר איהר וועט באַלד אַרויסטרעטען און דערצו אין „נאָרמאַ". איהר וועט נעהמען פּאַריז אין שטורם. אייך פֿעהלט נאָך אַ קליינינקייט אין דער טעכניק, ווייל מעטאָדע און שולע האָט איהר. איך נעהם זיך אָן אַליין אייך צו פֿאַרבּרייטען. אין צוויי מאָנאַט אַרום זענט איהר פֿערטיג, גנעדיגע פֿרוי. איך גאַראַנטיר אייך צוואַנציג טויזענד פֿראַנק אַ יאָהר.

דער דירעקטאָר האָט געהאַלטען וואָרט, און אָט אַזוי איז עס געקומען צום ערשטען אָווענד פֿון יאָזעפֿינעס דעבּוט אין טעאַטער.

דער ערשטער אַרויסטריט פֿון אַ גרויסער קינסטלערין האָט אין פּאַריז פֿיעל מעהר בעדייטונג ווי אין אַן'אַנדער אָרט אויף דער וועלט. די גאַנצע, אונגעהויער גרויסע שטאָדט נעהמט אָנטייל אין דער דאָזיגער געלעגענהייט; דאָס איז אַ געשעהעניש, יועגען וועלכער מען רעדט אין די צייטונגען, אין די גרויסע קאַפֿע-הייזער, אין די געזעלשאַפֿטען, אפֿילו אין די אַרבּייטס-זאַלען. אין פּאַריז איז דאָס טעאַטער נאַציאָנאַל, און דער ערשטער אונערוואַרטעטער אַרויסטריט פֿון אַ בּערימטהייט איז דעריבּער אַ נאַציאָנאַלע אַנגעלעגענהייט און די אַלגעמיינע שפּאַנונג איז זעהר גרויס. — ס'האָט געהערשט אַ געוואַלטיגע אויפֿרעגונג אין די קעפּ און הערצער פֿון אפֿשר הונדערט טויזענדער מענשען, אַ שטייגער, ווי זיי וואָלטען געווען עלעקטריזירט. נישט אין פּאַריז בלויז אַליין בעטראַכט מען אַזאַ זאַך אלס אַ וויכטיגע געשעהעניש; אפֿילו ווייט אויף דער פּראָווינץ ערוואַרטעט מען פֿיבערהאַפֿט די צייטונגען, וועלכע דאַרפֿען בּרענגען אַ בעריכט וועגען דער גרויסער געשעהעניש אין דער קינסטלערישער וועלט. אויך אין אויסלאַנד הערט מען זיך צו אויפֿמערקזאַם, וואָס פֿאַר אַ נייעס ס'קומט פֿאָר אין פּאַריזער אָפּערא און וואו מען האָט נור די מעגליכקייט טראַכט מען שוין וועגען אַרויסלאַפֿען ביי פּאַריז איהר בערימטקייט...

די אוווערטורע האָט זיך אָנגעהויבען; דער פֿאָרהאַנג האָט זיך אויפֿגעהויבען...

יאָזעפֿינע'ס טריאומף איז געשטיגען און געוואַקסען פֿון איין סצענע צו דער אַנדערער. דאָס גרויסע פּובליקום האָט געהאָרכט בעגייסטערט. דער קייזער גאַפּאָלעאָן דער דריטער, די קייזערין עווגעניאַ, דער גאַנצער הויף האָט ענטוזיאַסטיש אַפּלאָדירט. די נייע זינגערין האָט פֿעראייניגט אין זיך אַלץ: שענהייט, יוגענד, קעניגליכע גדלות, וואונדערפֿולע אויסשפּראַך און אַ שטימע—בערוישענד, בעגליקענד, ריין, קלאָר און הילכיג, ווי די וועלט האָט עס שוין לאַנג נישט געהערט,

ווען דער ערשטער אַקט האָט זיך געענדיגט, האָט די געוואַלטיגע געביידע אַ ציטער געטהון פֿון די התלהבות'דיגע אַפּלאָדיסמענטען. ווי נור דער פֿאָרהאַנג האָט זיך אַראָבגעלאָזען, האָט זיך אויפֿגעהויבען אַ ליאַרם: מען האָט געפֿאָדערט די וואונדערליכע קינסטלערין, און ווען זי האָט זיך בעוויזען, ווי אַן'עכטע קעניגין, האָט מען זי בעשאָטען מיט

בלומען און ס'האָט גאָר קיין סוף נישט געוואָלט נעהמען צו די אויסרופען: בראַוואָ!

מיט די ווייטערדיגע אַקטען איז די בעגייסטערונג געשטיגען אַזוי הויך, אַז מען האָט אויפגעהערט אַפּלאָדירען: מען איז געשטאַנען און געהאָרכט מיט אַ פערנומענעם אָטהעם דאָס וואונדערליכע געזאַנג, נישט ערלויבענדיג זיך איבערצורייסען עס. און ווען דער פאָרהאַנג האָט זיך ענדליך אַראָבגעלאָזען נאָכ'ן לעצטען אַקט, איז דער טויזענד-קעפיגער עולם אַ ווײַלע געבליבען שטעהן ווי פערשטיינערט, דאַן אָבער איז אויסגעבראָכען אַנ'אמת'ער שטורם פון אַפּלאָדיסמענטען, וועלכע האָבען גאָרנישט געוואָלט נעהמען קיין סוף.

— נור אַ געטער-קינד קאָן אַזוי זינגען—האָבען אַלע גע'טענה'ט,— ס'איז נישט קיין מענשליכע שטימע, נישט קיין מענשליכער חן און שענהייט. פון וואָס פאַר אַ וועלט איז אַזאַ זעלטען קינד געקומען?...

ברוינפעלז האָט ענדליך בעקומען די מעגליכקייט אַרײַנצוקומען צו יאָזעפינ'ען אין איהר צימער.

— געליבטע פריינדין—האָט יאָזעפינאַ אויסגערופען — נור דיר האָב איך צו פערדאַנקען מײַן הײַנטיגען גלענצענדען טריאומף!

— וואַרט! — האָט ברוינפעלז געזאָגט — דו ביזט נאָך נישט בײַם ציעל פון מײַנע וואונשע,—איך וועל דיך פיהרען צו העכערע טריאומפען!

---

# 12. אַ פרעמד קינד.

פיעל יאָהרען זענען אַריבער נאָך די דערצעהלטע געשעהענישען. אונזער געשיכטע פיהרט אונז אַרײַן יעצט אין דאָס רײַכע גוט פון גראַף פריעדריך פערלעבערג אין האָלשטיין.

אַ שענע נאָכמיטאָג-צײַט אין יולי. אין גרויסען שענעם גאָרטען, אין געדיכטען גראָז אונטער'ן שאָטען פון אַ בוים, ליעגט אַ דרײַיעהן-יעהריג יונגעלע, מיט זײַן שענעם לאָקען-קאָפּ געשטיצט אויף די אָרעמס איבער אַ בוך. זײַן לעהרער זיצט נעבען איהם אויף אַ פעלד-שטוהל. דאָס בוך, וואָס דאָס יונגעל האָט געלעזען, איז געווען ראַנקע'ס „געשיכטע פון די פויפסטען.״ פלוצלונג האָט דאָס יונגעל אויפגעהויבען דעם קאָפּ צום לעהרער און געפרעגט:

— הערר פרײַמאַן, ווי אַזוי עס געקומען, דאָס די פויפס-ען און קאַרדינאַלען האָבען אַלע געהאַט אַזוי פיעל פלעמיעניקעס?

דער לעהרער האָט דערויף געענטפערט קורץ:

— דאָס זענען געווען זייערע אייגענע קינדער.

— פאַרוואָס האָט מען עס נישט געזאָגט אָפען?

— ווײַל די קאַטוילישע גלחים טאָרען נישט חתונה האָבען.

דער לעהרער האָט זיך ווידער פערטיעפט אין זײַן בוך, וועהרענד דאָס יונגעל— פאָול ווײַלאַנד האָט ער געהייסען — האָט זיך פלוצלונג אַ הויב-אויף געטהון, ווי עס וואָלט איהם אין האַרצען אַ זעץ-געטהון און איז געבליעבען זיצען מיט'ן רוקען צום לעהרער.

- דאָס יונגעל האָט דעם גראַף פריעדריך פערלעבערג שטענדיג גערופען „פעטער״, און ווען ער האָט איינמאָל געפרובט אַ פרעגע טהון דעם גראַף וועגען זײַן פאָטער און מו-

טער, האָט דער גראַף איהם געענטפערט, אַז זיי זענען ביי איהם געשטאָרבען, ווען ער איז נאָך יונג געוועזען און דעריבער זאָרגט ער אַליין פאַר איהם.

גראַף פריעדריך איז געוועזען אַ שענער מאַן אין די בעסטע יאָהרען. זיין גוט איז געוועזען דאָס רייכסטע און שענסטע אין גאַנצען קאַנט אַרום. אויך די גרעפין, וועלכע פּאַול פלעגט רופען מוהמע, איז געוועזען אַ שענע און העכסט גוטע דאַמע, שטענדיג פריינדליך און ליעבעפול פאַר איהם. פּאַול איז געוועזען אַ זעלטען שען קינד און פאַר אַ מאַלער, וועלכער וואָלט געוואָלט האָבען אַ גוטען מאָדעל פון אַ שענעם יונגעל, האָט ער געקאָנט דיענען אַמבעסטען.

דער ענטפער, וואָס דער לעהרער האָט געגעבען דעם יונגעל וועגען די פּויפּכטען און זייערע פּלימעניקעס, האָט דעם שענעם יונגעל פערשאַפען דאָס ערשטע מאָל אויף זיין לעבען אַ טיעפען וועהטאָג. אַ נייער געדאַנק האָט זיך אין איהם דערוועקט, וועלכער האָט אָנגעהויבען פערפינסטערן זיין ליכטיג לעבען. דאָס רוהיגע קינדער-פּנים האָט זיך בעדעקט מיט אַ לייכט װאָטענדעל, דאָס ווייסע שטערנדעל האָט זיך אָנגעהויבען קנייטשען. אַ לאַנגע צייט איז דאָס יונגעלע זיך געבליעבען זיצען אַזוי פערטראַכט און טרויעריג. דורך זיינע שענע אויגען האָט מען געקאָנט זעהען, ווי אין'ם יונגינקען מוח'ל האָט אָנגע-הויבען שווער אַרבייטען אַ געדאַנק; אַלטע זכרונות האָבען זיך דערוועקט פון די גאָר יונגע יאָהרען, אָבער דאָס קינד האָבען זיי נישט בעפריעדיגט.

דאָס יונגעל איז שוין געוועזען גוט בעלעזען, בעזונדערס אין דער געשיכטע, און ער האָט געוואוסט, אַז קינדער, וועלכע זענען געבאָרען געוואָרען אָהן חופּה וקדושין האָבען עס זייער גאַנץ לעבען געשפּירט אַלס אַ פלעק אויף זיך. וועגען זיך אַליין האָט ער ביז'ן יעצטיגען מאָ-מענט קיינמאָל אַזעלכעס נישט געטראַכט; ערשט יעצט האָט אין איהם אַ בליץ געטהון דער געדאַנק, צי איז אויך דער גראַף, וועלכען ער האָט גערופען פעטער, אפשר זיינס אַ פאָטער?... דער פעטער, וועלכען ער האָט אַזוי צערטליך געליעבט, האָט אָנגענומען אין זיין פאַנטאַזיע די געשטאַלט פון אַ פאָטער; דער דאָזיגער פאָטער האָט אַלזאָ געהאַט פאַר איהם סודות, וועלכע ער איז מחויב געוועזען איהם צו ענטדעקען. און דער עיקר: וואו איז זיין מוטער? וואָס איז מיט איהר געוואָרען? איהם האָט מען מכּתם אָבגעריסען ביי איהר מיט גוואַלט... אין'ם יונגינקען האַרצען האָט אָנגעהויבען שטאַרק אַרבייטען דאָס געפיהל פון רחמנות פאַר דער אונבעוואוסטער מוטער, דער צאָרן געגען דעם גרויזאַמען פאָטער; די געדאַנקען האָבען זיך פערפלאָנטערט און נור אַ גרויסער שטראָם טרעהרען, וואָס האָט פּלוצלונג בעוואַשען דאָס שעהנע פּנים'ל, האָט אַראָבגעקייקעלט די שווערע שטיינער פון האַרצען.

— פּאַול—האָט דער לעהרער אויסגערופען פערוואונדערט — צי זעהסטו דען נישט אַז דו זיצסט אויף די צעקנייטשטע בלעטער פון בוך?

פּאַול האָט באַלד אַרויסגעשלעפט דאָס בוך פון אונטער זיך, נישט אומקעהרענדיג זיך דערביי און, נאָכדעם ווי ער איז אַ ווײַלע לאַנג נאָך געזעסען אַזוי ווי פערשטיינערט, האָט ער זיך אויפגעהויבען און איז אַרויסגעגאַנגען אין פעלד אַריין, וואו ער האָט זיך געקאָנט אויסוויינען אונגעשטערטערהייד. דאָן האָט ער אָבגעטרייסעלט פון זיך די שווערע געדאַנקען, און איהם איז שוין גאָר פאַרגעקומען, אַז ער איז בעגאַנגען אַ זינד, „טראַל-

טענדיג אַזוי שלעכט וועגען זײַן פֿעטער און וועגען זײַן אונבעקאַנטער מוטער. אָבער פֿאַר איהם איז יעצט קלאָר געוואָרען, אַז עס זענען פֿאַראַהאַן מענשען, וועלכע ווייסען וועגען זײַן געבורט און ווילען עס איהם נישט ענטדעקען און פֿון יעצטמאָל אָן איז פּאַול געוואָרען ערנסטער, בעאָבאַכטענדער, דענקענדער, און יעדע קלײניגקײט האָט דערוועקט זײַן אויפֿמערקזאַמקײט און ער האָט אָנגעהויבען מאַכען אַלערלײ השערות — ער איז געוואָרען אַ דענקענדער און טיעף פֿיהלענדער מאַן!

אַנ'עהנליכער פֿאָרפֿאַל האָט זיך טיעף אײַנגעגראָבען אין זײַן האַרצען מיט אַ מאָנאַט שפּעטער. פּאַול ווײַלאַנד האָט געהאַט נישט בלויז אַ וואונדערבאַר שענע שטימע, נאָר אויך אַ פֿײַן מוזיקאַלישע געפֿיהל און האָט שוין פֿון זײַן פֿריהער יוגענד אַלײן אויסגעטראַכט שענע בעגלײַטונגען אויף פּיאַנאָ צו די ליעדער, וועלכע ער האָט געזונגען אויסווייניג. פֿון יענער צײַט אָן האָט מען צו איהם גענומען אַ גוטען מוזיק־לעהרער, און גראַף פּערלעבערג, וועלכער איז געווען גאָר ענטציקט פֿונ'ם יונגעל, האָט איהם אָפּט געבעטען זינגען פֿאַר זײַנע געסט. אין אַ געוויסען טאָג, נאָכדעם ווי פּאַול האָט געענדיגט זינגען פֿאַר די געסט אַ ליעד און אַלע זענען ענטציקט געוואָרען פֿון זײַן וואונדער־שענעם געזאַנג, האָט דער גראַף עפּיס געזאָגט אײן גאַסט אויפֿ'ן אויער, דאַן האָט ער אויסגערופֿען:

— קום נור אַהער, מײַן ליעבער פּאַאול!

פּאַול האָט געטראָגען אַ געשטיקטע בלוזע פֿון האָלענדישע לײַוועגט, און אַזוי־אַרום איז זײַן שענער קאָפּ נאָך בולט'ער אַרויסגעטראָטען. ער איז געווען אויפֿפֿאַלענד שען און אַלע האָבען איהם בעוואונדערט.

— ווי געפֿעלט דיר—האָט געפֿרעגט גראַף פֿרידריך—צו ווערען אַ גרויסער זינגער? ציוואָלסטו געוואָלט, אַז די גאַנצע וועלט זאָל דיך בעוואונדערען, פֿערגעטערן און אַלץ זאָל שטורמדיג אַפּלאָדירען דיר?

פּאַול איז רויט־פֿערשעמט געוואָרען. ס'האָט געדויערט אַ פּאָר מינוטען, אײדער ער האָט געקאָנט זיך בערוהיגען; דאַן האָט ער געענטפֿערט כמעט מיט טרערן און ענטשידען:

— נײן, כ'וואָלט דאָס נישט געוואָלט. מיר וואָלט דאָס געווען פֿערהאַסט!

— נו־נו,—האָט דער גראַף געענטפֿערט—דאַרפֿסט נישט בײז ווערען. ווילסט נישט, ברויכט מען נישט. קײנער וועט דיך נישט צווינגען אויסצוקלײַבען דווקא די אָדער יענע קאַריערע. דו וועסט עס קאָנען אויסקלײַבען אַלײן פֿרײַ.

פּאַול האָט זיך געשווינד אָבגעקעהרט, איז אַרויס פֿון זאַל און אַרײַנגעקומען אין זײַן אײגענע צימער. דאָ האָט ער זיך צוגעזעצט בײַם פֿענסטער. אין דרויסען האָט גערעגענט. ביסלעכווײַז האָבען די וואָלקענס זיך פֿונאַנדערגעטראָגען, ס'האָבען זיך בעוויזען די שטראַהלען פֿון דער זון און פֿערגילדעט די בוימער פֿון פּאַרק. פּאַול האָט ליעב געהאַט דאָס גוט און די געגענד, וועלכע ער האָט געהאַלטען פֿאַר זײַן אײגענע הײם, דען ער איז ערצויגען געוואָרען אינ'ם שלאָס פֿון גראַף פּונקט ווי אַ גראַפֿען־קינד. און אָט האָט ער זיך דערשפּירט שרעקליך געקרענקט דאַדורך, וואָס זײַן פֿעטער—אָה, צי איז ער באמת נישט מעהר ווי בלויז אַ פֿעטער?...—טראַכט וועגען זײַן קאַריערע, און פּאַול האָט גוט געוואוסט, אַז אַזאַ קאַריערע איז בשום אופֿן נישט דאָס לעבענס־ציעל פֿאַר אַ גראַפֿ'ס אַ קינד, אָדער אַפֿילו פֿאַר זײַנעם אַ בלימעניק. פּאַול איז אָפּט געווען מיט'ן גראַף פֿרידריך אין בערלין

און האָט דאָרט בעזוכט די אָפּערע; אַזוי־אַרום איז פֿאַר איהם געשטאַנען לעבעדיג דאָס בילד פֿון אַ יונגען זינגער, בשעת מען אַפּלאָדירט איהם אויף דער בּיהנע. יעצט אָבער האָט איהם גוואַלטיג אויפגערעגט דער געדאַנק, אַז מעגליך, דאָס מען האָט איהם אַליין אַזוי שען אויסגעפּוצט, כּדי צו ווײַלען די געסט מיט זיין געפּוצטען אויסזעהען. מען האָט איהם אַלזאָ געהאַלטען נור פֿאַר אַ פּרעכטיג שפּיעלצייג. און דער פֿאַקט, אַז גראַף פערלעבערג האָט כאָטש איין אויגענבליק גענאַנט אויסנוצען איהם אין דער ראָליע פֿון אַ שפּיעלצייג פֿאַר דער געזעלשאַפֿט, האָט בײַ איהם רעררוועקט דעם געדאַנק, אַז מיט זיין געבורט איז עפּיס נישט גאָר גלאַטיג און אַז ער געהערט אַלעמפֿאַלס נישט צו דער קלאַס פֿון די עדעל־לײַט.

פּאַול'ן האָט אָנגעהויבען מאַטערן דער געדאַנק: צי וועט מען אַמאָל מיט איהם רײַדען וועגען זיין געבורט? צי וועט קומען די צײַט, ווען זיין פֿעטער וועט איהם אַליין דערצעהלען? ס'האָט איהם געשווידערט, ווען ער האָט זיך דערמאָהנט, אַז דאָס קאָן אַמאָל פאָרקומען, און ער האָט בעסער שוין געוואָלט גאָר בלײַבען אונוויסענד וועגען זיין גע־בורט, וואָרום ממה נפשך: אויב זיין פֿאָטער איז טאַקי באמת בעגאַנגען אַ זינד, צי איז דען נישט בעסער, אַז ער, זיין קינד, זאָל וועגען דעם גישט וויסען?... שרעקליך איז איהם אָבער געוועזען דער געדאַנק, אַז אַנדערע ווייסען עטוואָס וועגען דעם. יאָ, צי האָט געוואוסט זיין לעהרער פֿרײַמאַן וועגען דעם סוד פֿון זיין געבורט? געוויס נישט, ווײַל אַנדערש וואָלט ער מיט איהם נישט גערעדט אין אַזאַ טאָן וועגען די פּלימעניקעס פֿון די פֿירסטען. ערשט יעצט האָט ער זיך דערמאָהנט, אַז דער אַלטער קאָמענדאַנט פֿונ'ם גראַף, לואי, האָט אײַנמאָל אין זיין געגענוואַרט זיך געווענדעט צום דיענער פֿון אַ גאַסט מיט דער בעמערקונג: „נישט וואָהר, ער איז אינגאַנצען עהנליך צו זיין מוטער?" לואי האָט דערבײַ געוואונקען אויף איהם און אַזוי פיעל בעדײַטענד געשמײכעלט. דאַמאָלט האָט עס פּאַול'ן ווענינג־וואָס געקימערט. יעצט אָבער האָט דאָס דערוועקט אין איהם פיעל געדאַנקען. ווי אַזוי איז דאָס מעגליך געוועזען, אַז ער, וועלכער איז אַזוי שטאַרק עהנליך געוועזען צו זיין מוטער איז אַזוי ווענינג עהנליך געוועזען צו זיין פֿאָטער? צי איז דען זיין מוטער נישט גע־ווען דעם גראַף'ס אַ שוועסטער, אויב דער גראַף איז געוועזען זיין פֿעטער?

אין אַזעלכע שווערע ערפֿאַהרונגען בילדען זיך אוים אָפֿט די הויפּט־יסודות פֿון אַ כאַראַקטער. ווען פּאַול וואָלט נישט געהאַט אַזאַ איידעלע נאַטור, ווען ער וואָלט נישט געוועזען אַזוי ווייך און ליעבענסווירדיג, אַזוי זאַנפֿט און גוט, וואָלט ער אפֿשר פֿערהאַרטע־וועט און שטאָלץ געוואָרען צוליעב דעם, וואָס אַנדערע האָבען וועגען איהם געוואוסט מעהר ווי ער אַליין. פּאַול האָט אָבער געליעבט צערטליך זיין פֿעטער, דעם גראַף, און געזעהען אין איהם אַ אידעאַל פֿון אַן'איידעלען מאַן. אָבער טאַקי דערפֿאַר האָט איהם וועה־געטהון דער געדאַנק, אַז די פֿערגאַנגענהײַט פֿון זיין „אידעאַל" איז אפֿשר געוועזען נישט גאָר שען...

אַ פּאָר וואָכען נאָכדעם אָבער האָט זיך אויסגעדאַכט פּאַול'ן, אַז דער גראַף פערלע־בערג האָט מיט זיין פֿאָרשלאַג: צו מאַכען איהם פֿאַר אַ וועלט־זינגער, געמאַכט נור אַ שפּאַס, ווײַל דער גראַף האָט איהם פֿל לג ערקלערט, אַז ער שיקט איהם אין האַלע אין בעדאַגאָגיום — אַ שולע, וואו נור פּריצישע קינדער פֿלעגען זיך פֿאַרבריײטען צו דער

אוניווערזיטעט. די דאָזיגע מעלדונג האָט איהם צוגעגעבען פרישען מוט. ער האָט איינגעזעהן, דאָס ער געהערט דאָך פאָרט משמעות צום אדעל. אויף א וואונדערליכען אופן האָט זיך אלזא געמוזט ארויסשטעלען, אז אלע זיינע השערות זענען געווען פאלש. ער האָט דעריבער אויפגעהערט, פו טראכטען וועגען זיין געבורט און איז ווידער געוואָרען לוסטיג-פרעהליך, ווי א יונג פויגעלע עלעגט ער זיך ארומפליהען אין גראפליכען שלאָס, הילכיג, זינגענדיג און מאכענדיג גלייכווערטליך מיט די אָנגעשטעלטע. פאר'ן אָבפאָהרען האָט ער אלע אָנגעשטעלטע געגעבען גרויסע מתנות, עזונדערס דעם רייט-קנעכט, כדי אז ער זאָל גוט אכטונג געבען אויף זיין „פאָני" — ס'הייסט אויף זיין קליין פערדעלע.

---

# 13. אין דער הויכשולע.

דורך זיין פלייסיגקייט און אויפמערקזאמקייט איז פאול געוואָרען א גרויסער חשוב ביי זיינע לעהרער. נישט אזוי גליקליך איז ער אָבער געווען מיט זיינע חברים. שוין דער אומשטאנד אליין, וואָס פאול האָט נישט געהאט קיין טיטול, האָט איהם פיעל געשאדעט אין זייערע אויגען. צוליעב דעם, וואָס מען האָט איהם געהאלטען פאר א פלימעניק פון גראף, האָט מען זיך משער געווען, אז זיין מוטער האָט מסתם געהאט געטהון א שידוך נישט נאָך איהר שטאנד און יחוס, און אין די אויגען פון די יונגע באראָנען, גראפען און יונקערס איז דאָס געווען א מיאוס'ער פלעק. אָבער ער אליין האָט נישט געקאָנט לייכט צוזאמענקומען זיך מיט זיינע חברים, ווייל זיי פלעגען שטענדיג ריידען וועגען זייער היים, וועגען פאָטער און מוטער, שוועסטער און ברידער, פעטערס און מוהמעס. די אלע זאכען האָבען איהם דעריבער געפעהלט און דעריבער פלעגט ער מוזען ווייכען פון זיינע חברים, בשעת זיי פלעגען צווישען זיך שמועסען, דען ער האָט מורא געהאט, אז מען וועט איהם אנהויבען פרעגען וועגען זיינע קרובים און ער וועט נישט וויסען וואָס צו זאָגען.

אין משך פון דער צייט, וואָס פאול איז געווען אין האלע, זענען ביים גראף געבוירען געוואָרען דריי טעכטערלעך, שעניגקע, ליעבינקע קינדערלעך. אָבער דער גראף האָט געוואָלט האָבען א יונגעל, ווייל זיינע גיטער זאָלען געווען לעהנסגיטער, וועלכע געהען איבער בירושה, לויט'ן געזעץ, נור צו די מאנזבילשע יורשים. ווען דער גראף וואָלט געשטאָרבען אָהן א זוהן וואָלטען זיינע גיטער געדארפט איבערגעהן צו א ברודער'ס א זוהן. גראף פערלעבערג האָט דעריבער אָנגעהויבען לעבען קארגער, כדי לפחות אָנצוזאמלען פאר זיין לעבען גענוג געלד פאר זיינע טעכטער. ווען פאול האָט געענדיגט דאָס פעדאגאָגיום מיט אויסצייכנונג און איז צוריקגעקומען צו זיין פעטער אין שלאָס אריין, האָט דער גראף איהם אויפגענומען מיט הערצליכער פרייד און געוואונשען איהם גליק צו ערפאָלג אין זיין שטודיום.

— אפשר וועסטו מיר, ליעבער פעטער, כאָטש יעצט זאָגען, וואָס פאר א פאך איך זאָל זיך אויסקלויבען אין מיין שטודיום, לויט דיין וואונש?—האָט פאול געפרעגט.

— איך וואָלט נישט געוואָלט זיין דיין בעל-יועץ אין אזא וויכטיגע פראגע — האָט דער גראף געענטפערט—ס'איז אויך גאָרנישט נויטיג, אז דו זאָלסט זיך דוקא יעצט אויס-

גלויבּן אַ פֿאַך. די אוניווערזיטעטן עפֿענען פֿאַר דיר אַ בּליק אויפֿן בּאַרג פֿון לעבּן, און די קאָנסט זיך אויסקלייבּן יענע שטורעמען, וועלכע וועלן דיר אַמליכטן.

— צי דאַרף איך דען נישט נעהמען בּעוונדערס אין אַכט מײַן שפּעטערדיגע בּע-שטימונג, פֿון וועלכער איך וועל מוזען לעבּן?

— שטאַרק נייטיג איז דאָס נישט—האָט דער גראַף געענטפֿערט,—קיין בּעוונדערער פֿערטיגנער בּויט נישט. אָבער די בּרויכסט זיך אויך נישט שטאַרק נאָכיאָגן נאָך פֿערדינסטען, ווייל די האָבּסט פֿון דײַן קאַפּיטאַל גענוג הכנסה. די קאָנסט ווערן אַ גע-לערנטער יוריסט, אַ שריפֿטשטעלער, אַ פּאָליטיקער. די האָסט אַ פֿערמעגען פֿון הונדערט מיליאָן דאָלאַר אין גוטע פּראָצענט־פּאַפּירען, און ווען די ווילסט דײַן שטודיום ענדיגען, וועסטו זיך ראַטען קויפֿען אַ גוט, ווערן אַ לאַנד־ווירט און לאַזען זיך אויסקלייבּן פֿאַר אַ דעפּוטאַט אין פּאַרלאַמענט. דאַן וועט פֿאַר דיר שטעהן אָפֿען דער וועג צו אַלע הויכע מלוכה־שטעלען און די קאָנסט נאָך אַמאָל ווערן אויך מיניסטער.

פּאַול האָט געקוקט ווי צעטומעלט. ער האָט געשפּירט, אַז ער מוז אַרויסזאָגען זײַן פֿעסטער אַ דאַנק, אָבער אַנדערע געפֿיהלען האָבּן בּײַ איהם געהאַלטן געשטערט די צונג. ס'האָט זיך איהם געוואָלט פֿרעגען עהרליך אַמאָל בּײַם גראַף וועגען זײַנע עלטערן, אָבער ער האָט זיך אַליין געשראָקען פֿאַר דערוויסן זיך דעם אמת. דער פֿריינטליכער אופֿן, ווי אַזוי מען האָט פֿאַר איהם געזאָרגט בּיז יעצט, האָט איהם בּעוואונדערט איבּער-ראַשט יעצט, ווען ער האָט געוואוסט, אַז דער גראַף האָט אָנגעהויבּן לעבּן קאַרג. צי זאָל זײַן גרויסער פֿערמעגען, וועגען וועלכען דער גראַף האָט יעצט גערעדט, שטאַמען פֿון זײַן מוטער...?

פּאַול האָט זיך ענטשלאָסען צו שטודירען דערווייל יוריספּרודענץ. ער איז אָבגע-פֿאָהרען קיין בּערלין און האָט זיך דאָרט געווידמעט דער דאָזיגער וויסענשאַפֿט מיט גאַנצען בּרען, נישט פֿערלאַזענדיג דערבּײַ אויך די אַלגעמיינע בּילדונג: שפּראַכען, קונסט, פּאָעזיע, נאַטור־וויסענשאַפֿטען און געשיכטע. דערבּײַ האָט ער זיך אָבער געהאַלטען אין דערווײַטען פֿון דעם געזעלשאַפֿטליכען לעבּען, נישט קוקענדיג אויף די רעקאָמענדאַציעס, וואָס דער גראַף האָט איהם מיטגעגעבּען אין די העכסטע געזעלשאַפֿטליכע קרײַזען פֿון דער דאָרטיגער הויפּט־שטאָדט. ער האָט געלעבּט נור מיט זײַן וויסענשאַפֿט און פֿאַר איהר. דעם זומער־סעמעסטער האָט ער פֿערבּראַכט אין היידעלבּערג, וואו ס'האָט איהם געצויגען צו דער הערליכער, שענער נאַטור. אַזוי אַרום זײַנען פֿאַר איהם אַריבּער די אוניווערזיטעט-יאָהרען אָהן בּעוונדערע געשטערונגען. דעם מלוכה־עקזאַמען האָט פּאַול אויסגעהאַלטען גלענצענד, אָבער ער האָט זיך נישט געקאָנט ענטשליסען בּאַלד אָנצונעהמען אַ מלוכה-שטעלע. ער האָט דערווײַל בּעשלאָסען בּעסער פֿריהער צו דינען אַ יאָהר אין מיליטער אין האַמבּורג, וואו ער האָט זיך געפֿינען נאָהענט פֿון גראַף'ס גוט און געקאָנט פֿערבּרענ-גען אָפֿט מיט זײַנע קינדער, וועלכע האָבּען איהם פשוט פֿערגעטערט. אויך דעם יאָהר מיליטער־דינסט, אַלס פֿרײַוויליגער, האָט פּאַול אַריבּערגעבּראַכט אָהן בּעוונדערע געשעהענישען.

בּעפֿרײַענדיג זיך פֿון מיליטער האָט פּאַול געדאַרפֿט צוריקקעהרען זיך אין שלאָס פֿון זײַן פֿאָטער, און דאָ איז מיט איהם פּלוצלינג עפּעס וואָס פֿאָרגעקומען נאָך אונטער-צאַרטעניש.

אין אַ שענעם זומער־אָווענד האָט פּאַול געמאַכט אַ שפּאַציער, רייטענדיג הינטערן שטאָדט נעבען בלאַנקען זעע. ער איז זיך געריטען פערטראַכטערהייד, נישט אַכטונג געבענדיג אויף די וואונדערפול־שענע לאַנד־הייזער, וואָס די רייכע האַמבורגער סוחרים האָבען זיך געלאָזט דאָרט אויפבויען. פּאַול האָט געשפּירט עפּיס אַ וואונדערליכע פּוסטקייט אין דער נשמה. קיין תאוות־הכבוד האָט ער גראָד נישט געהאַט, און זיין גאַנצע וויסענשאַפט, וואָס ער האָט זיך אָנגעזאַמעלט, איז איהם עפּיס פאָרגעקומען, ווי אַ גאָר איבעריגע אוננוצליכע זאַך. וואָס פאַר אַ פאַך זאָל ער זיך פאָרט אויסקלייבען? קיין בעזונדערע נטיה האָט ער נישט געשפּירט פאַר קיין איינציגען פון אַלע מעגליכע פאַכען. איהם איז עפּיס פאָרגעקומען, ווי ס'וואָלט מוזען געשעהן עפּיס וויכטיגעס אונערוואַרטעטעס, כדי ער זאָל קאָנען אויסקלייבען זיך אַ וועג אין לעבען.

רייטענדיג פערטראַכט אין אַזעלכע געדאַנקען, איז איהם פּלוצלונג פאָרגעקומען, ווי עמיצער וואָלט איהם גערופען צו הילף. ער האָט זיך איינגעהערט און דערהערט דייטליך אַ שטימע פון אַ שרעקליך געפּייניגטען. ער האָט אָבגעשטעלט זיין פערד. יעצט האָט ער שוין געהערט דאָס געשריי דייטליכער; די שטימע איז געגאַנגען פון אַ ווילע, נעבען וועלכער ער האָט זיך געפונען. ער איז באַלד אַראָבגעשפּרונגען פון פערד, צוגעבונדען עס אָן אַ בוים, דאַן איז ער צוגעשפּרונגען צום טויער, וועלכער האָט געפיהרט פון גאַס אַרויס אין גאָרטען פון דער ווילאַ. דאָ האָט ער דערהערט דייטליך רופען: „הילף! צו הילף!” דער טויער איז געווען פערשלאָסען. פּאַול איז אָבער געווען אַ גוטער גימנאַסטיקער און אָט איז ער מיט איין שפּרונג געזעסען אויפ'ן טויער, אַ צווייטען — און ער איז שוין געווען אין גאָרטען; ער איז תיכף צוגעלאָפען צו דער ווילאַ, געעפענט די טהיר און דאָ האָט ער דערזעהען, ווי איין מענש ליעגט געבונדען אויף דער ערד און איבער איהם שטעהט אַ צווייטער מיט אַ האַק, גרייט צו צעשפּאַלטען איהם דעם קאָפּ. שנעל, ווי אַ בליץ, האָט פּאַול זיך אַ וואָרף געטהון אויפ'ן מערדער, אָנגענומען איהם פון הינטען, אַרויסגעריסען ביי איהם די האַק, וועלכע ער האָט ווייט אַוועקגעשליידערט אין גאָרטען אַריין, און יעצט האָט זיך אָנגעהויבען אַ פערצווייפעלטער קאַמף; פּאַול'ס פּאָזיציע איז אַפילו געווען אַ גינסטיגע, אָבער דער מערדער איז געווען שטאַרקער פאַר איהם; ער האָט זיך דעריבער אַרויסגעריסען פון פּאַול'ס אָרעמס און אָנגענומען איהם ביים האַלז מיט אַ גוואַלטיגער קראַפט, כדי צו דערשטיקען איהם. אָבער אין'ם זעלבען אויגענבליק האָט זיך בעפרייט דער געבונדענער קרבן אויף דער ערד און האָט זיך געוואָרפען צו הילף זיין רעטער. די פעראייניגטע אָנשטרענגונגען איז ענדליך געלונגען איינצונעהמען די ווילדע חיה און בינדען איהם. דאָס געשריי פון די קעמפענדע האָט דערוויל צוגעצויגען די אויפמערקזאַמקייט פון די פערבייגעהענדע מענשען; טייל פון זיי האָבען געזעהן, ווי פּאַול איז פריהער אַריבערגעשפּרונגען איבער'ן טויער, און האָבען אויך געטהון דאָס איינענע. איינער פון די פערזאַמעלטע איז באַלד געלאָפען נאָך דער פּאָליציי, אַנדערע האָבען זיך פערנומען מיט פּאַול'ס געראַטעוועטען, וועלכער איז געפאַלען אין חלשות פון די דערהאַלטענע וואונדען. באַלד איז געקומען אויך די פּאָליציי. דעם פערוואונדעטען האָט מען אָבגעמונטערט, דען זיינע וואונדען זענען געווען נישט געפעהרליך, נאָר פיעל בלוט האָט ער פערלאָרען אין קאַמף. מען האָט געבראַכט צוויי דראָזשקעס: אויף איינער האָט

מען אָבגעפֿיהרט דעם געבונדענעם מערדער אין דער פּאָליציי, אויף דער אַנדערער זענען געפֿאָהרען פּאָול מיט זיין גערעטעוועטען, כּדי צו געבען ערקלערונגען אין פּאָליציי־ביורא.

אין וועג איז דער גערעטעוועטער נישט מיעד געוואָרען צו דאַנקען זיין רעטער פּאָול. דער לעצטער האָט אָבער ערקלערט, אַז פֿון זיין זייט איז דאָ קיין ווילכטינעס נישט פֿאָרגעקומען, ווייל יעדער, וואָס וואָלט געהערט רופֿען צו־הילף, וואָלט אויך געטהון דאָס אייגענע וואָס ער. אין דער פּאָליציי האָט דער גערעטעוועטער דערצעהלט פֿאָלגענדעס:

„איך הייס אהרן וואָלף און בין אַ קאַסירער אינ׳ם באַנק־געשעפֿט מאָזעס עט איזראַעל. איינער פֿון מיינע פּרינציפּאַלען הערר בני איזראַעל לאָזט זיך בויען אַ ווילאַ נעבען אָטעני־זען. יעדער סוף חודש שיקט ער מיך מיט געלד פֿאַר׳ן אַרכיטעקט צו בעצאָהלען די אַרבייטער. מיר קומט אויס צו געהן שטענדיג פֿאַרביי דער ווילאַ, וועלכע איז היינט געוואָרען געפֿעהרליך פֿאַר מיין לעבען. דער אייגענטימער פֿון אָט דער ווילאַ איז אַ קינסט־לער און ער געפֿינט זיך יעצט אין אַמעריקאַ. יעדעס מאָל, ווען איך פֿלעג פֿאַרבייגעהן, איז דער פֿערוואַלטער פֿון דער ווילאַ געשטאַנען ביים טהויער און פֿלעגט זיך נאָכפֿרעגען ביי מיר, ווי אַזוי געהט די אַרבייט ביי דער נייער געביידע. איך האָב איהם פֿיעל מאָל דערצעהלט, נאָך וואָס איך קום אַהער יעדען סוף מאָנאַט, ווייל איך האָב קיין שום חשד נישט געקאָנט האָבען געגען איהם. אָט אַזוי האָב איך איהם דערצעהלט, אַז איך פֿיהר היינט מיט־זיך אַ גרויסע סומע, לערך 30,000 מאַרק. ווען איך האָב גענומען זיך דער־צעהלען איהם וועגען דער נייער ווילאַ פֿון מיין פּרינציפּאַל, האָט ער ערקלערט, אַז זיין פּרינציפּאַל׳ס ווילאַ איז בעסער איינגעאָרדענט און דערביי האָט ער מיך איינגעלאַדען אליין אַריינצוקומען צו איהם בעטראַכטען די ווילאַ. אַזוי אַרום בין איך אַריינגעקומען מיט איהם אין גאָרטען און ער האָט דעם טויער פֿערשלאָסען, ווי נור אָבער מיר זענען אין הויז אַריינגעקומען, האָט ער זיך געוואָרפֿען אויף מיר, געבונד׳ען מיך און מיר דאָס מויל פֿערשטאָפּט. דאַן האָט ער געברענגט אַ האַק און מיך געוואָלט דער׳הרג׳ענען, אָבער אינ׳ם זעלבען מאָמענט האָט זיך בעוויזען מיין רעטער און צוגענומען ביי איהם די האַק. וועה־רענד מיין רעטער האָט זיך געראַנגעלט מיט׳ן מערדער, איז מיר געלונגען צו בעפֿרייען מיין האַנד און אַרויסנעהמען מיין מעסער׳ל, מיט וועלכען איך האָב אויפֿגעשניטען מיינע בינד. נישט קוקענדיג אויף מיינע וואונדען בין איך געקומען מיין רעטער צו־הילף. באַלד זענען אָנגעקומען אויך פֿרעמדע מענשען און דאַן בין איך ענדליך געפֿאַלען אין חלשות.“

אויך פּאָול האָט געמוזט לאָזען זיין עדות־זאָגען אַריינמראָגען אין פּראָטאָקאָל און, ווען ער איז צוריק אַרויסגעקומען פֿונ׳ם פּאָליציי־ביורא, האָט דער המון איהם בעגריסט מיט בעגייסטערטע אויסרופֿען. ער איז געוואָרען דער העלד פֿון טאָג.

---

# 14. דאָס ערשטע מאָל צווישען יודען...

פּאָול האָט געהאַט גענומען ביי זיין גערעטעוועטען זיין אַדרעס און אויף צו־מאָר־גענס איז ער געקומען איהם בעזוכען, כּדי צו זעהען, וואָס ער מאַכט.

אהרן וואָלף האָט געוואוינט אין דער צווייטער עלבע־גאַס. ווען פּאָול איז אַהין אַריינגעקומען, האָט איהם אויפֿגענומען אַ פֿערטויבענד געשריי פֿון אַ גרויסען המון; אויף

מענגעלעך, אָדער גלאַט אויף דער ערד, האָבען הענדלער אויסגעלעגט זייערע סחורות: טעלער, גאָפּעל און מעסער, אַלטע ביכער, טעפּ, ראַהמען פון בילדער און אַנדערע ענה־ליכע זאַכען. אויפ׳ן מיטען גאַס האָט געברענט אַ פייער, איבער וועלכען ס׳איז געהאַנגען אַ קופּערנער קעסעל, פון וועלכען מען האָט געדאַרפט אַראָבשמעלצען דאָס צין און בעקוי־מען דעם ריינעם קופּער. אַרום איז געשטאַנען אַ גרויסער המון, שלאַקעווענדיג דעם גע־דיכטען־רויך און דעם פער׳עפּוש׳טען ריח, מחילה. דאָ דערביי זענען געשטאַנען הענדלער מיט אַלטע און נייע מעבעל, אַלטע בעטען, פרויען־קליידער, מאַנסבילשע אַנצוגען, שטיוועל און אַנדערע זאַכען.

דאָס רוב הענדלער זענען דאָ געווען יודען.

— גוטע לייט, קויפט, קויפט! — האָט מען געהערט געשרייען, אויסרופען און געפּיל־דערן, זשעסטיקולירענדיג; איינער אַ סוחר האָט דערביי אויסגעזונגען אויפ׳ן דיסקאַנט:

— אַ מציאה, אַ מציאה, קויפט, נישט שטענדיג וועט איהר אַזאַ גליק האָבען! קויפט, ווען ס׳מאַכט זיך די געלעגענהייט!

— אפשר האָט איהר וואָס פאַר מיינע קינדער? — האָט געפרעגט אַ פויערין, גראַ־בענדיג זיך אין דעם באַרג אַלטוואַרג.

— זוכט, מוטער׳ל, זוכט — האָט דער הענדלער נעענטפערט געמיטליך — זוכט, וועט איהר געפינען!

וועהרענד פּאַול האָט מיט אינטערעס בעאָבאַכטעט, וואָס אַרום קומט פאָר, האָט זיך פּלוצלונג דערהערט אַ שטאַרק געפּילדער אויפ׳ן אַנדער טייל פון מאַרק, און אַלע האָבען זיך געלאָזען לויפען אַהינצו. אויך פּאַול איז נייגיעריג געגאַנגען זעהען, וואָס דאָרט טהוט זיך. אַ פּאָליציאַנט האָט געפיהרט אין פּאָליציי־ביוראָ אַ דיענסט־מויד, ווייל זי האָט גע׳גנב׳עט ביי אַ פּרוי אַ פּאָרטמאָנע. די גנב׳טע האָט זיך געשוואָרען, אַז די מעשה איז ליגענה, אָבער די אַרומיגע מענשען האָבען גע׳טענה׳ט, אַז זיי האָבען אַליין געזעהען, ווי זי האָט גע׳גנב׳עט און אָבגעגעבען עמיצען דאָס גע׳גנב׳עטע בייטעלע. די בע׳גנב׳עטע פרוי האָט געיאָמערט, אַז מען האָט איהר בדלות געשטעלט, דען אין בייטעלע איז גע־ווען איהר לעצט ביסעל נעלד. דער המון האָט זיך געלאָזען לויפען נאָך דער גנב׳טע, נאָר איין יונגעל האָט אויסגערופען צו זיין חבר:

— יענקעל, לאָמיר צוזאַמענמאַכען פאַר דער יודענע אַ פּאָר גילדען!

און די פּאָר יונגלעך האָבען באַלד זיך געלאָזען געהן מיט אַ רויט פּאַטשיילעכ׳ל צווישען הענדלער און די קופּערנע מטבעות האָבען זיך אָנגעהויבען שיטען, קיינער האָט זיך נישט אָבגעזאָגט צו נעבען עטוואָס פאַר דער אָרימער פרוי. פּאַול האָט אַריינגע־וואָרפען אין פּאַטשיילעכ׳ל אַ גאָלדענע מטבע. די אָרימע פרוי איז באַלד נעהאָלפען געוואָרען.

— אָט אַזוי — האָט יענקעל אויסגערופען — דאָ האָט איהר. יודענע, אייערע פאָר גיל־דען. זאָל אייך דער אויבערשטער העלפען!

פּאַול האָט צום ערשטען מאָל אין לעבען געזעהען צוזאַמען אַזוי פיעל יודען. באַלד איז ער צוגעקומען צום הויז, וואו זיין געראַטעוועטער האָט געוואוינט. ווען ער האָט אָנגעקלונגען, האָט איהם געעפענט די טהיר אַ יונג מיידעל. פּאַול האָט געזאָגט, ווער ער איז.

— אָה, — האָט דאָס מיידעל אויסגערופען — איהר זענט דער רעטער פון מיין ברודער!

ווי וועט די מוטער זיך פרעהען, ווען זי וועט קאָנען איך אַליין פערזענליך דאַנקען! פּאַול איז אַרײַנגעקומען אין שטוב.

— וואָס מאַכט אייער ברודער? — האָט ער געפרעגט.

— ער פיבערט זעהר שטאַרק. דער דאָקטאָר האָט אַפילו ערקלערט, אַז זיינע וואונדען זענען נישט געפעהרליך; אָבער עטליכע וואָכען וועט מיין עלענדער ברודער מוזען ליעגען אין בעט. ענטשולדיגט, וואָס איך לאָז אייך איבער אַ פּאָאַר מינוט אַליין, איך געה רופען די מאַמען.

און נישט וואַרטענדיג אויף אַן ענטפער האָט דאָס מיידעל זיך פערבויגען און פערלאָזען דאָס צימער. פּאַול האָט זיך געמוזט מודה-זיין אין האַרצען, אַז דאָס מיידעל האָט געמאַכט אויף איהם אַ שטאַרקען איינדרוק: אַזאַ שען געשטאַלט מיט אַזאַ צאַרטען פּנים האָט ער נאָך קיינמאָל נישט געזעהען. דאָס יונגע מיידעל האָט געקאָנט זיין אַלט אַן ערך אַ יאָהר 17. איהר געשטאַלט האָט געהאַט עפּיס וואָס קינדליכעס, אַנטוטיגעס. פּאַול האָט זיך געמוזט מודה-זיין, אַז ווען אַזאַ מיידעל וואָלט זיך בעוויזען אין די סאַלאָנען פון דער הויכער געזעלשאַפט, וואָלט זי געמאַכט אַן איינדרוק פון אַ וועלט-שענהייט פון דער העכסטער מדרגה. דער דאַנקבאַרער בליק, מיט וועלכען זי האָט איהם בעשאָנקען, ווען ער האָט זיך אָנגערופען, ווער ער איז, האָט זיך טיעף געלעגט פּאַול'ן אין האַרצען.

וועהרענד פּאַול איז אַזוי-אַרום געשטאַנען פערטראַכט, איז אין צימער אַרײַנגעקומען די מוטער, פראוי וואָלף.

— אָה, זענט מיר געגריסט, איהר איידעלער מאַן! — האָט זי געזאָגט. — איך האָב אייך צו פערדאַנקען מעהר אַלס מיין לעבען, דען איהר האָט מיר מיין איינציג קינד געראַטעוועט. איהר האָט דערהאַלטען אַן אַלמנה און איהר טאָכטער זייער ברויט-געבער.

— דאָס, וואָס איך האָב געטהון איז נישט ווערט קיין דאַנק — האָט פּאַול געזאָגט — יעדער אַנדערער אויף מיין אָרט וואָלט אויך דאָסועלבע געטהון.

פּאַול האָט געבעטען, אַז מען זאָל איהם ערלויבען אַרײַנצוגעהן צום חולה. ביי זיין בעט האָט ער געפונען דאָס יונגע מיידעל, אַלס וואַרטערין. פּאַול האָט באַלד גענומען אָבשיעד פון דער יודישער משפחה. ער האָט געמוזט איילען זיך צו זיין פעטער, דעם גראַף פערלעבערג, צו בעגלייטען איהם אויף אַן ערהאָלונגס-רייזע. ער האָט זיך געמוזט איילען, ווייל אין ניכען האָט געזאָלט פאָרקומען אין האַמבורג דער פּראָצעס פונ'ם מערדער, און פּאַול האָט געמוזט ערשיינען אין געריכט אַלס הויפּט-עדות.

דורך די געשעהענישען פון די לעצטע טעג האָט פּאַול צום ערשטען מאָל זיך בעקענט מיט יודען. צו זיין גרויסער פערוואונדערונג האָט ער זיך געמוזט מודה-זיין אין האַרצען, אַז מיט זיין גאַנצער געלעהרטקייט האָט ער קיין ברעקעל בעגריף נישט געהאַט וועגען דעם יעצטיגען יודענטום, זיין אינערליכען לעבען און געשיכטע. דאָס רוב קריסטען בעטראַכטען דאָס „אויסדערוועהלטע פאָלק" אַלס אַזעלכעס, וואָס איז אויסדערוועהלט געוואָרען צו דיענען לטובת די פרעמדע אינטערעסען. אויך פּאַול האָט ביז יעצט בעטראַכט די יודען אַלס אַ רעשט פון אַ פערצייטיג פאָלק, וואָס איז פערשטיינערט געוואָרען און דיענט בלויז אַלס אַ טויטע מצבה פון אַן אונטערגעגאַנגענער וועלט. אַ געבילדעטער טענש ברויכט גאָר מיט אַזאַ מצבה זיך נישט צו בעקענען, ווייל דאָס איז בלויז אַן עסק פאַר בעציאַ=

ליסטען אין ארכעאלאגיע און אלטע געשיכטע. אבער די געשעהענישען פון די לעצטע טעג האבען איהם דערוויזען, אז ער האט געהאט א טעות, ווי פיעל אנדערע קריסטען דען דאס יודענטום לעבט און וויל לעבען. פאול האט זיך געגעבען א ווארט צו בעקענען זיך נעהנטער מיט יודען, און דאס האט ער אנגעהויבען טהון באלד אויף זיין לוסט-רייזע מיט זיין פעטער.

קודם-כל האט פאול אנגעהויבען בעקענען זיך מיט די יודישע שוהלען אין די שטעדט, וועלכע ער האט בעזוכט, ווי אויך מיט די ביכער, אין וועלכע די דייטשען האבען וועגען די יודען געשריבען. אזוי, למשל, איז פאול אריינגעקומען אין דער גרויסער יודישער שוהל אין פראנקפורט אם-מאין. דאס איז געווען גראד אינ׳ם טאג, ווען די יודישע רעליגיאנס-געזעלשאפט אין פראנקפורט האט געפייערט דאס יובילעאום פונ׳ם רב. די גרויסע שוהל איז געווען פול מיט א יום-טוב׳דיג געקליידעטען עולם. א שענער כאר האט געזונגען קאפיטלעך תהלים. סיי די מעלאדיע, סיי די אלטע שפראך האבען געמאכט אויף פאול׳ן א טיעפען איינדרוק. איינער פון די געמיינדע-פארשטעהער איז ארויף אויף דער בימה, כדי צו האלטען א דאנק-רעדע פאר׳ן רב און בעגריסען איהם אין נאמען פון דער קהלה. דער רעדנער האט דערביי דערצעהלט די געשיכטע פון דער רעליגיאנס-געזעלשאפט, וועלכע איז געגרינדעט געווארען מיט פינף און צוואנציג יאהר פאר דעם, כדי ארויסצוטרעטען געגען די רעפארם-שטרעבונגען פון דער נייער צייט און דערהאלטען דאס אלטע רבנישע יודענטום. דאמאלס האבען צום דאזיגען צוועק זיך פעראייניגט נור עטליכע אנגעזעהענע יודען און די אויסזיכטען פון דער יונגער קהלה זענען געווען זעהר שוואכע. טהאט אויסגעוויזען, אז דאס אלטע יודענטום האלט, חלילה, ביי׳ם אונטערגעהן די אלטע יודישע פראנקפורטער קהלה האט פאלקאם זיך געהאט אבגעזאגט פון טראדיציאנעלען יודענטום און האט געשווינד געשטרעבט צום אונטערגאנג. ס׳איז אבער געגאנגען בעשערט דורך דעם אויבערשטענס השגחה אנדערש. די געצעהלטע פרומע יודען האבען געפונען א רב, וועלכער איז אליין געווען העכסט בעגייסטערט פאר׳ן אלטען יודענטום און האט דעריבער אויך געווירקט בעגייסטערנד אויף אנדערע. און דא האט דער רעדנער געשילדערט, ווי אזוי דער אלטער רב האט צונויפגעזאמעלט ארום זיך אלע פרומע יודען, ווי ער האט געגרינדעט שולען, אין וועלכע די יוגענד האט בעקומען א מאדערנע בילדונג צוזאמען מיט א גרינדליכער ידיעת התורה, ווי ער האט דורך זיינע דרשות פעראייניגט אלט און יונג און בעגייסטערט אלעמען צו פיהרען א פרום יודיש לעבען.

די פערזאמלונג האט אויסגעהערט געשפאנט די ווארימע רעדע. די שפאנונג איז געשטיגען, ווען דער אלטער רב איז ארויפגעשטיגען אויף דער בימה, כדי צו דאנקען די פערזאמעלטע און דערמאהנען זיי זייער חוב צו געהן ווייטער אינ׳ם אויסגעקליבענעם וועג. פאול האט געקוקט מיט פערוואונדערונג אויפ׳ן עהרווירדיגען זקן, וועלכער איז שוין געווען אזוי שוואך קערפערליך, אז ער האט געמוזט זיצענדיג האלטען זיין רעדע פאר׳ן עולם. אזא כאראקטעריסטישען קאפ האט פאול נאך קיינמאל נישט געהאט געזעהען. אבער ביי דער גרויסער עלטער-שוואכקייט, איז דער גייסט פונ׳ם רב נאך געווען גאר יונג און אין זיין רעדע האט זיך געהערט א פייערדיגער טעמפעראמענט. מיט מעכטיגער רעדנערישער קונסט האט דער רב זיך געווענדעט צו זיין געמיינדע. אין די לעבהאפטעסטע פארבען

האָט עֶר גֶעשִׁילדֶערְט דעֶם צושטאַנד פֿוּן יודעֶנטוּם אִין פֿראַנקפֿוּרט מִיט 25 יאָהר פֿריִהעֶר, אוּן ווִי אַזוֹי די קהלה האָט מִיט'ן אוֹיבעֶרשטעֶנס הילף זִיךְ עֶנטוויקעֶלט פֿוּן דאַמאָלס אָן אַזוֹי וואוּנדעֶרבאַר. פֿוּנ'ם דאַנק פֿוּן דעֶר קהלה האָט עֶר זִיךְ אָבגעֶזאָגט: „וואָס קאָנעֶן דעֶן אוּן פֿעֶרמאָגעֶן צוּ טהוּן עֶטליכֶע מעֶנשעֶן?"—האָט עֶר אוֹיסגעֶרוּפֿעֶן — פֿאַר אֵיינצעֶלנעֶ מעֶנשעֶן אִיז די יוּבִילעֶאוּם-פֿײַעֶרוּנג נוּר אַ דעֶרמאָהנוּנג וועֶגעֶן זײַער קוּרץ לעֶבעֶן, וועֶגעֶן דעֶם, אַז פֿריהעֶר אָדעֶר שפּעֶטעֶר וועֶלעֶן זײַ דאָךְ אַראָב פֿוּן דעֶר סצעֶנעֶ. אָבעֶר די קהלה שטאַרבט נִישט, זי בעֶנײַט זִיךְ שטעֶנדִיג ווִיעדעֶר דוּרךְ דעֶם אוֹיבעֶרשטעֶן אוּן דוּרכ'ן אֵיבִיגעֶן אוּנשטעֶרבלִיכעֶן גײַסט, וועֶלכעֶן דעֶר אוֹיבעֶרשטעֶר האָט אַרײַנגעֶגעֶבעֶן אִין יודעֶנטוּם.

די דאָזִיגעֶ ווערטעֶר פֿוּנ'ם בעֶגײַסטעֶרטעֶן רעֶדנעֶר האָבעֶן אַדוּרכגעֶנוּמעֶן פּאַוּל'ן, ווִי אַנ'עֶלעֶקטרִישעֶר שטראָם. דעֶר יוּנגעֶר פּאַוּל האָט בײַ אַ רוּהִיגעֶר אוֹיסעֶרלִיכקײַט געֶהאַט אַ פֿײַעֶרדִיגעֶ נשמה, וועֶלכעֶ האָט אִיהם געֶהאָלפֿעֶן שפּירעֶן דעֶם פּאָעֶטִישעֶן גײַסט אִין די געֶװעֶהנלִיכסטעֶ געֶשעֶהעֶנִישעֶן. דאָ, אִין דעֶר יודִישעֶר שוּהל, אִיז עֶס געֶוועֶן דעֶר גרוֹיסעֶר צוּזאַמעֶנהאַנג צווִישעֶן דעֶר געֶגעֶנוואַרט מִיט דעֶר ווײַטעֶר פֿעֶרגאַנגעֶנהײַט. דאָס אַלטעֶ יוּדעֶנטוּם מִיט זײַנעֶ ווײַטעֶ, פֿעֶרצײַטִיגעֶ, וואוּנדעֶרלִיךְ-עֶרשײַנעֶנדעֶ אײַנאָרדנוּנגעֶן, חוקים אוּן מצוות, וועֶלכעֶ זעֶנעֶן אִיהם בִּיז יעֶצט עֶרשִׁינעֶן אַלס אַנ'אָבגעֶשטאָרבעֶנעֶ זאַך, האָט דאָ געֶלעֶבט אוּן געֶבלִיהט מִיט פֿרִישעֶר יוּגעֶנד.

דעֶר חזן מִיט'ן כאָר האָבעֶן ווִיעדעֶר געֶזוּנגעֶן קאַפּיטלעֶךְ תהלים אוּן דעֶרמִיט האָט זִיךְ געֶעֶנדִיגט די פֿײַעֶרוּנג. די מעֶלאָדִיגעֶ שטִימעֶ פֿוּנ'ם חזן, די אֵיינפֿאַכקײַט פֿוּן דעֶר געֶבײַדעֶ, אִין וועֶלכעֶר די נאַציאָנאַלעֶ אמונה האָט געֶפֿוּנעֶן אִיהר רוּה — אַנ'אמונה, וועֶלכעֶ אִיז אַרײַנגעֶדרוּנגעֶן אִין אַ האַלבעֶר וועֶלט—דאָס אַלץ האָט אִין פּאַוּל'ס געֶדאַנקעֶן זִיךְ פֿעֶראֵיינִיגט אִין אַ טראַגִישעֶר אָבעֶר דאָךְ רוּהמפֿוּלעֶר געֶשִׁיכטעֶ. פּאַוּל אִיז פּלוּצלוּנג געֶשטעֶרט געֶוואָרעֶן אִין זײַנעֶ געֶדאַנקעֶן, ווען עֶר האָט דעֶרשפּירט, ווִי עֶמִיצעֶר האָט אִיהם אָנגעֶנוּמעֶן פֿאַר'ן אָרעֶם. פּאַאוּל האָט זִיךְ אוּמגעֶקעֶהרט אִין אַ זעֶהר אוּנאַנגעֶנעֶהמעֶר שטִימוּנג צוּם מעֶנשעֶן, וועֶלכעֶר האָט אַזוֹי אוּנגעֶהעֶרִיג געֶשטעֶרט אִיהם אִין זײַן דעֶנקעֶן אוּן האָט געֶזאָגט צוּ אִיהם:

— „אִיךְ בעֶט אײַךְ אוּם עֶנטשוּלדִיגוּנג, עֶרלוֹיבט מִיר די פֿראַגעֶ: צי זִינט אִיהר נִישט פֿוּן פּראָג? מִיר דאַכט, אַז אִיךְ האָב געֶקעֶנט אײַעֶר מוּטעֶר"!

פּאַוּל האָט זִיךְ דעֶרשראָקעֶן זעֶהר אוּנאַנגעֶנעֶהם בעֶריהרט אוּן געֶעֶנטפֿעֶרט קאַלט:

— אִיךְ בִּין פֿוּן האָלשטײַן.

דעֶר פֿרעֶגעֶר האָט אִיהם אַ סעֶקוּנדעֶ אָנגעֶקוּקט, ווִי נִישט גלוֹיבעֶנדִיג, דאַן האָט עֶר זִיךְ פֿעֶרנײַגט אוּן אוּמגעֶקעֶהרט זִיךְ צוּם אַוועֶקגעֶהן אוּן פּאַוּל אִיז געֶבלִיבעֶן שטעֶהן פֿעֶרוואוּנדעֶרט; עֶפּעֶס האָט זִיךְ אִיהם געֶדאַכט, אַז בעֶר אַלטעֶר מאַן גלוֹיבט אִיהם גאָר נִישט אוּן עֶר ווײַסט טאַקי יאָ אפשר וועֶגעֶן זײַן מוּטעֶר. געֶהעֶנדִיג צוּרִיק אִין האָטעֶל צוּ זִיךְ, האָט עֶר זִיךְ בעֶמִיהט צוּ בעֶרוּהִיגעֶן דאַדוּרךְ, וואָס עֶר האָט זִיךְ געֶטרײַסט, אַז דעֶר אַלטעֶר מאַן האָט מסתּם געֶהאַט אַ טעוּת, אוּן עֶר אַלײַן אִיז אפשר טאַקי געֶוועֶן שטאַרק עֶהנלִיךְ צוּ אַ פֿרוי, וועֶלכעֶר יעֶנעֶר האָט געֶקעֶנט.

# 15. פּאַול — אַ יוד.

דעם ווינטער, ווען די דאָזיגע געשעהעניש׳ען זענען פֿאָרגעקומען, האָט פּאַול פֿערבראַכט מיט דער משפּחה פֿון גראַף פּערלעבערג אין בערלין. דאָ האָט פּאַול געמוזט ערשײַנען צוזאַמען מיט׳ן גראַף׳ס משפּחה אויף אַלע בעלער, אויף וועלכען מען האָט זי אײַנגעלאַדען אין די הויכע קרײַזען. דער גרעסטער פֿון די דאָזיגע בעלער איז פֿאָרגעקומען בײַם פֿירשט ריזמבאַך. דער פֿירשט איז דערהויבען געוואָרען צו דער הויכער מדרגה פֿון אַ פּרינץ, וואָס געהערט צום קעניגליכען הויז, און זײַן איינציגע טאָכטער, די פּרינצעסין מעלאַניע, האָט געקאָנט ווערען אַ פֿרוי פֿון אַ קעניג, אָדער פֿון אַ קייזער. אין דער ווירקליכקײַט האָט מען גערעדט, אַז זי וועט אַמאָל טראָגען אַ קרוין אויפֿ׳ן קאָפּ. גײַסטרײַך, העכסט שען און פֿול חן, איז זי געווען דער צענטר פֿון אַלע סאַלאָנען אין דער הויכער געזעלשאַפֿט פֿון בערלין. דערצו איז זי נאָך, אַלס די איינציגע טאָכטער פֿונ׳ם אַלטען פֿירשט, געווען די רײַכסטע יורש׳טע אין לאַנד. די בעסטע בערלינער קרייזען האָבען דעריבער ערוואַרטעט געשפּאַנט דעם גרויסען באַל אינ׳ם פֿירשטליכען פּאַלאַץ. כּדי צו קאָנען אַרײַננעהמען אַלע געסט, האָט דער פֿירשט בכּיון געלאָזען איבערבויען זײַן פּאַלאַץ. מען האָט אויך אײַנגעלאַדען דעם פּערזאָנאַל פֿון דער קעניגליכער אָפּערע, כּדי צו געבען אַ פֿאָרשטעלונג מיט געזאַנג. פֿון בודאַפּעשט האָט מען אויסגעשריבען צוליעב דעם די בעסטע קאַפּעליע. יעדער, וואָס האָט נור בעקומען אַנ׳אײַנלאַדונג אויפֿ׳ן דאָזיגען באַל, האָט זיך געשעצט דאַדורך העכסט געעהרט. אויך דער קייזערליכער הויף האָט צוגעזאָגט צו ערשײַנען אויפֿ׳ן באַל. אויסער דעם העכסטען אַדעל, האָט מען אײַנגעלאַדען די בעריהמטעסטע געלעהרטע און קינסטלער.

דער גרויסער אָוועגד איז ענדליך אָנגעקומען, און אויך פּאַול איז ערשיענען מיט זײַנע קרובים. מען האָט איהם פֿאָרגעשטעלט פֿאַר דער פּרינצעסין און זי האָט איהם אויפֿגענומען זעהר פֿרײַנדליך.

מען קאָן זיך פֿאָרשטעלען, אַז אַרום דער פּרינצעסין זענען געווען די שענסטע געסט פֿון העכסטען אַדעל. עס האָבען צו איהר זיך געשרב׳ענט גראַפֿען, באַראָנען און פֿירשטען. און אָט האָט זי אויסגעצייכענט עפּיס איינעם אַ יונגעמאַן, וואָס הייסט פּאַול און קיינער ווייסט נישט פֿון וואַנען ער שטאַמט.

נאָכדעם ווי די טעאַטער-פֿאָרשטעלונג האָט זיך געענדיגט, זענען אַרויסגעטרעטען איניגע דילעטאַנטען, הערען און דאַמען, און האָבען בעוויזען זייער השלמה אין זינגען. אַפּלאָדירט האָט מען זיי אָבער נור שוואַך, ווײַל זייער זינגען האָט זיך נישט געקאָנט פֿערגלײַכען אין קיין פֿאַל מיט דער מייסטערהאַפֿטער קונסט פֿון די אַרטיסטין אין דער קעניגליכער אָפּעראַ, וועלכע די געסט האָבען נור-וואָס געהערט.

די גראַפֿין פּערלעבערג, וועלכע איז געזעסען נעבען דער פּרינצעסין מעלאַניע, האָט געזאָגט צו איהר:

— ווען מײַן פּלימעניק פּאַול וואָלט געזונגען, וואָלט ער געהאַט אַביסעל מעהר ערפֿאָלג, ווי אָט די אַלע.

די יונגע פּרינצעסין האָט זיך באַלד געווענדעט צו איהר מוטער און געבעטען איהר

איינצולאַרען פאול ווילאַנד צו זינגען עטוואס. דער פירשט און די פירשטין זענען ניכט געוועזען געוואוינט עפּיס וואס אָבצוזאָגען זייער איינציגען קינד, וועלכע זיי האבען צערטליך געליעבט. די פירשטין איז דערזבער באלד דורכגעגאנגען דעם גאנצען גרויסען זאל ביז'ן עק-פענסטער, וואו פאול איז זיך געשטאנען אליין פערטראכט.

— הערר ווילאַנד! — האט די פירשטין געזאגט צו איהם — מען זאגט, אז איהר זינגט ענטציקענד שען; צי ווילט איהר ניכט די גוטע האבען עטוואס צו זינגען?

פאול האט אָהן פאלשער שעמעוודיגקייט צוגעזאגט צו זינגען. ער איז צוגעגאנגען צום קלאַוויר, איינער פון די קייזערליכע ארטיסטען האט איבערגענומען די בעגלייטונג און פאול האט געזונגען א פאלקס-ליעד.

ווי נור פאול האט אָנגעהויבען זינגען, האט זיך איבער'ן גאנצען אריבערגעטראָגען אין גרויסען זאל א שטילער פרעגען פון איין אויער צום צווייטען:

— ווער איז דער יונגערמאן? ווי הייסט ער? געהערט ער צו דער היעזיגער אָפּערע?

אבער באלד איז די נייגיעריגקייט פערשוויגען געוואָרען. פאול'ס מעכטיגער, אויס-דרוקספאָלער טענאָר האט פערהילכט דעם גאנצען גרויסען זאל. גלאָקען-ריין האט געקלונגען דאס הערליכע ליעד, אריינדרינגענדיג טיעף צו אלעמען אין הארצען. די גאנצע הויכע געזעלשאַפט האט געהאָרכט מיט א געשפאנטען אָטעם און ווען דער זינגער האט געענ-דיגט, איז אויסגעבראָכען א שטורם פון אפּלאָדיסמענטען, ווי דאס קומט זעלטען פאר אין דער איינגעהאלטענער הויכער געזעלשאַפט. דער פירשט און די פירשטין האבען איהם הייס געדאנקט. אלע אנוועזענדע האבען זיך געשטויסען ארום דעם יונגען זינגער, יעדער האט געוואָלט איהם אויסדריקען זיין דאנקבארקייט און בעוואונדערונג, אבער אָט איז ארויס-געטרעטען פון די פערזאמעלטע דער אינטענדאנט פון קעניגליכען טעאטער.

— יונגער הער — האט ער געזאגט, — אָנגעהמענדיג פאול'ן פאר'ן האנד — איהר זענט א שטערן פון ערשטער גרויס! איהר טהוט אונרעכט, וואס איהר בעהאלט אייער געטליכע מתנה און טרעט ניכט ארויס אין טעאטער. איך בין אינטענדאנט פון דער קעניגליכער אָפּערע, און אויב ס'וועט מיר געלינגען צו געווינען אייך פאר אונזער טעאטער, וועלט די גאנצע וועלט מיך מקנא געווען.

— עקסעלענץ — האט פאול געענטפערט מיט א שמייכעל — איך פיהל ניכט קיין נטיה פאר'ן טעאטער און דעם כבוד פון א גרויסען אָפּערע-זינגער וויל איך איבערלאָזען פאר אנדערע.

מען האט פאול'ן געבעטען זינגען נאך איין ליעד, אבער ער האט זיך אָבגעזאָגט. דאן האט דער קייזער איהם געבעטען צו זינגען א געוויסע אריע. יעצט האט שוין פאול ניכט געקאָנט אָבזאָגען זיך און האט געזונגען. דעמאלט האבען די אפּלאָדיסמענטען נאך מעהר זיך פערשטארקט. איינע נור האט ניכט אפּלאָדירט, די יונגע פרינצעסין מעלאַניע. זי א פער'הלום'טע האט זי נור איבערגע'חזר'ט די לעצטע ווערטער פון פאול'ס ליעד...

אויף צו-מאָרגענס נאָכ'ן באל האט איהר פאָטער, דער פירשט רימבאד, זיך געלאָזט מעלדען ביים גראף פערלעבערג. דער גראף איז ארויסגעקומען דעם פירשט אנטקעגען.

— דורכלויכט — האט ער אויסגערופען — וואס פאר אן'עהרע איהר מאכט מיר צו בריינגען אייך אין מיין הויז! צי האט אייער דורכלויכט שוין אויסגערוהט זיך פון דער

עֶלְטיִגער אָנשטרענגונג? אָה, ס'איז געווען אַן'ענטציקענד שענער באַל! אין בערלינ'ס יאָהרביכער קאָן מען זעלטען געפינען פערצייכענט וועגען אַזעלכע בעלער.

— גראַף—האָט דער פירשט געזאָגט, נאָכדעם ווי דער גראַף האָט אַרײַנגעפיהרט זײַן גאַסט צו זיך אין קאַבינעט און אײַנגעלאַדען איהם צו זעצען זיך — איך קום צו אײַך וועגען זעהר אַן'ערנסטער אַנגעלעגענהייט. זאָגט מיר, איך בעט אײַך, ווער איז דער פאַול ווײַלאַנד? אויף וויפיעל מיר איז בעוואוסט, האָט איהר געהאַט נור איין שוועסטער, וועלכע איז געשטאָרבען אָהן קינדער, אַלס באַראָנעסע ווילדערמוט. ממילא קאָן דער יונגערמאַן אײַער פלימיעניק נישט זײַן. ווער-זשע איז ער פאָרט?

— דורכלויכט—האָט דער גראַף געענטפערט—דאָס איז אַ געהײמניס!

— איך פרעג נישט צוליעב פוסטע נײַגיערינקייט. מײַן טאָכטער האָט זיך פערליעבט אין דעם יונגענמאַן. איך אַליין האַלט וועניג-וואָס פון קלאַסען-פאָראורטײַלען. ווען ס'געהט וועגען דעם גליק פון קינד, איז מיר קיין קרבן נישט צו-גרויס. איבריגענס קיין זוהן האָב איך נישט און ס'איז דעריבער מעגליך, אַז דער קייזער וועט מיר דערווײַזען זײַן חסד און איבערטראָגען אַלע מײַנע טיטולען אויף מײַן איידעם. איהר וועט דעריבער נעפינען, אַז עס איז גאַנץ נאַטירליך, ווען איך וויל לפחות וויסען ווער דער ווײַלאַנד איז און פון וואַנען ער שטאַמט.

גראַף פערלעבערג האָט זײַן פלימיעניק טיעף און וואַהרהאַפטיג געליעבט און דעריבער האָט ער דערשפירט אַ העכסטע צופריעדענהייט, זעהענדיג, וואָס פאַר אַ גלענצענדע צוקונפט דאָ עפענט זיך פאַר איהם.

— בײַ אַזעלכע אומשטענדען—האָט ער געענטפערט—קאָן איך שוין, נאַטירליך, נישט שווײַגען, מײַן פירשט, דערמאָהנט אײַך, מיט פיעל יאָהרען צוריק זענט איהר מיט מיר צוזאַמען געווען אין פאַריז. געדענקט איהר נאָך די זינגערין, פראוי ביאַנקאַ קאַראָמאָ?

— די גרויסע זינגערין, וועלכע האָט דאַמאָלס אויפגערעגט גאַנץ פאַריז און איז באַלד נאָכדעם פערשוואונדען פון טעאַטער? מיר דאַכט, אַז זי האָט חתונה געהאַט פאַר'ן פירשט מײַנטעוועגריאָ. אײַך איהר זענט דעמאָלסט געווען אַ פערברענטער פערעהרער פון דער שענער ביאַנקאָ. אַלזאָ איז דאָך אמת, וואָס די וועלט זאָגט!

— און וואָס זאָגט די וועלט?

— מען זאָגט, אַז איהר זענט דער פאָטער פון יונגען ווײַלאַנד.

— אַזוי? אָט דאָס זאָגט מען? אָה, איך וואָלט געווען שטאָלץ צו האָבען אַזאַ זוהן! פאַול איז אין יעדער בעציהונג אַ פערפאָלקאָמטער יונגערמאַן: געלעהרט, פעהיג, געשיקט, טאַלענטפול און דערבײַ אַן'עכטער עדעלמאַן. אָבער לײַדער איז ער מײַן זוהן נישט! די שענע ביאַנקאָ איז דאַמאָלס געווען די יונגע אַלמנה פון אַ יודישען באַנקיר און פאַול איז דער ערשטער זוהן פון דער ערשטער חתונה פון דער בעוואונדערטער זינגערין.

דער פירשט איז דערשראָקען געוואָרען.

— וואָס!—האָט ער געשטאַמעלט—דער יונגערמאַן איז אַלזאָ אַ...

— אַ יוד!—האָט דער גראַף געזאָגט מיט אַ שמייכעל — אַ כשר'ער יוד, וועלכען מען האָט אויך מל'ה געווען און גע'שמר'ט האָט מ··· ·יהם קיינמאָל נ····...

— אַ יוד!—האָט דער פֿירשט געזאָגט—נײַן, אויב אַזוי וועט דערפֿון גאָרנישט אַרויסקומען! מײַן טאָכטער וועט זיך מוזען אָבזאָגען פֿון איהם.

— איהר האַלט דאָך מסתם שוין גאָרנישט פֿון די פֿאַרצײַטיגע פֿאָראורטהײַלען, מײַן פֿירשט—האָט דער גראַף געזאָגט,—אָבער מיט די פֿאָראורטהײַלען פֿון די פֿעלקער זענט איהר נאָך נישט אַלץ פֿערטיג. פּאַול האָט דערהאַלטען אַן ערציהונג, וועלכע איז פֿאָלקאָם פֿרײַ פֿון יעדע פֿאָראורטהײַלען. איך וואָלט זיך דאַמאָלס געשעצט גליקליך, ווען פּאַול'ס מוטער וואָלט געוואָלט מיט מיר חתונה האָבען. ווען זי האָט אָבער בעסער חתונה געהאַט מיט'ן איטאַליענישען פֿירשט מאָנטעוועגראָ, בין איך געווען אין פֿערצווייפֿלונג און האָב געוואָלט זיך נעהמען דאָס לעבען, און אָט האָט ביאַנקאָ מיר איבערגעלאָזען דאַמאָלס איהר זוהן, וועלכער איז געווען עטליכע מאָנאַט אַלט און געבעטען מיך, אַז איך זאָל ווערען זײַן אַפּאָטרופּוס און ערציהער. נור אַ דאַנק אָט דער אויפֿגאַבע האָב איך זיך בעשלאָסען צו לעבען און האָב מײַן גאַנצע ליעבשאַפֿט, וועלכע איך האָב געהאַט פֿאַר דער מוטער, אַריבערגעטראָגען אויפֿ'ן קינד. איך האָף, אַז איך האָב מײַן אויפֿגאַבע עהרליך ערפֿילט, דען פּאַול האָט דערהאַלטען אַ זעלטען גוטע ערציהונג און איז אַ פּראַכטפֿאָלער יונגערמאַן געוואָרען. ער איז רײַך און אונאָבהענגיג, דען זײַן מוטער האָט פֿאַר איהם איבערגעלאָזען אַ קאַפּיטאַל פֿון הונדערט טויזענד טהאַלער.

— אָבער אַ יוד, אַ יוד!—האָט דער פֿירשט אויסגערופֿען. — איך בעט אײַך, ליעבער גראַף, דערצעהלט נישט דעם יונגענמאַן וועגען אונזער געשפּרעך. ווען איך וועל קאָנען בעוועגען מײַן טאָכטער אַרויסצושלאָגען פֿון זינען וועגען איהם, וועט עס זײַן דאָס בעסטע; אויב נישט, מוז איך פֿאָהרען קײַן איטאַליען און ריידען מיט פּאַול'ס מוטער. אפֿשר וועט מיר געלינגען צו געפֿינען אַ מיטעל, אַז מײַן פֿאַמיליען-עהרע זאָל נישט ברויכען אַזוי שטאַרק לײַדען פֿון אַזאַ שידוך.

---

# 16. פּאַול אין אַ יודיש הויז.

וועהרענד דער פֿירשט ריזמבאַך איז געווען בײַם גראַף פּערלעבערג, האָט פּאַול דערהאַלטען אַן אײַנלאַדונג פֿון האַמבורגער געריכט צו קומען אַלס הויפּט-עדות אינ'ם פּראָצעס פֿונ'ם רויב-מערדער. פּאַול איז תיכף אָבגעפֿאָהרען קײַן האַמבורג, כדי נישט צו פֿערשפּעטיגען דעם פּראָצעס. פֿאַר'ן אַוועקפֿאָהרען האָט ער איבערגעלאָזען זײַן פֿעטער אַ בריוועלע, אין וועלכען ער האָט איהם ערקלערט די סבה פֿון זײַן נעשווינדען אָבפֿאָהרען. דער גראַף איז געווען שטאַרק צופֿריעדען, וואָס אַזוי-אַרום איז ער פּטור געוואָרען פֿונ'ם שווערען נסיון צו מוזען פֿערשווײַגען פּאַול'ן וועגען זײַן געשפּרעך מיט'ן פֿירשט.

ווען פּאַול איז געקומען קײַן האַמבורג, האָט ער די ערשטע זאַך געמאַכט אַ וויזיט בײַ פֿרוי וואָלף אין ענגו. אהרן'ען האָט ער נישט געפֿונען אין דערהיים, דען יענער איז שוין געווען פֿאָלקאָם געזונד און געווען פֿערנומען אין זײַן געשעפֿט.

עס זענען אַריבער די אויפֿגערעגטע טעג אין געשוואָרענעם געריכט. דער פֿערברעכער איז פֿער'משפּט געוואָרען צו אײַביגע טורמע. פּאַול האָט ווידער געקאָנט פֿערלאָזען האַמבורג, אָבער ער האָט גאָרנישט וועגען דעם געקלערט: ער האָט זיך געטומען

פּלפּלסיג שטודירען דאָס יורענטום, זײנע געזעצען און אײנריכטונגען און ער האָט אויך געלערנט די העברעאישע שפּראַך. אהרן וואָלף האָט איהם געגעבען דערצו אַ לעהרער, רבי פּנחס שטײנער, וועלכער איז שוין געווען אַ מאַן אין יאָהרען. אין דער יוגענד איז ער געווען אַ תלמיד פון חכם בערנאַס. פונ'ם דאָזיגען שענעם רבי'ן האָט ער איבערגענומען דעם טיעפען געדאַנק פון דער תורה הכתובה והמסורה, פון די חוקים ומשפטים פון יודענטום.

פּאַול'ס גלענצענדע פעהיגקײטען האָבען מעגליך געמאַכט פאַר איהם געשווינד אויסצולערנען די נײע געגענשטאַנדען בײַ זײן רבי'ן. באַלד איז ער שוין געווען אַלײן אימשטאַנד צו לערנען די תורה פון איהר מקור, און דאָס גרויסאַרטיגע בילד פון דער יודישער געשיכטע האָט אינגאַנצען אײנגענומען פּאַול'ס גײַסט. זײן רבי האָט פערשטאַנען איהם צו שילדערן די געשיכטע פון די יודישע אָבות, לויט ווי מיר האָבען זײ פון תלמוד און מדרשים, די גרויסע יודישע עפּאָכע אין מצרים, די התגלות אלקות אויפ'ן סיני, דאָס וואונדערליכע לעבען אין מדבר, דאָס אײננעהמען דאָס לאַנד פלשתים און די העלדענגעשיכטע אונטער די שופטים אין די מלכים, ווי אויך די מעכטיגע געשטאַלטען פון אונזערע נביאים, פון אונזערע הײליגע זינגער, די געשיכטע פון די מלחמות מיט אשור, בבל, פּרס, יונים און רוימער, די צושפּרײטונג פון יודישען פאָלק איבער דער וועלט, די שרעקליכע רדיפות פון מיטעל-אַלטער—דאָס אַלץ האָט געמאַכט אויף פּאַול'ן אַ געוואַלטיגען אײַנדרוק.

פּאַול'ס לעהרער האָט נישט פערפעהלט צו דערווײַזען איהם, ווי די תורה און איהרע געבאָטען האָבען שטענדיג דערהאַלטען דאָס פאָלק ישראל קרעפטיג און געגעבען איהם מוט און כח אַריבערצוטראָגען אַלע יסורים מיט געדולד; די תורה איז אויך דער קוואַל פון יודישען אַדעל, פון אמת'ען יודישען יחוס, ווי מען קאָן עס זעלטען געפינען בײַ אַנ'אַנדער פאָלק. רבי פּנחס שטײנער האָט נישט געהערט צו יענע יודען, וועלכע וואָלטען געווען בעלנים אָבצולײקענען אינגאַנצען, אַז אויך בײַ יודען זענען פאַראַן פעהלערן און שענשען מיט געוויסע שוואַכקײטען; ער האָט אָבער פערשטאַנען צו שילדערן מיט בעגײַסטערונג די הויפּט-יסודות פון יודישען כאַראַקטער, זײן מיטגעפיהל מיט אַלע אַנדערע מענשען, וועלכע טרײַבט איהם צו העלפען אַנדערע מענשען און דערהאַלט איהם אַלײן אין זיטליכער רײנקײט. אין די דאָזיגע פראַגען זענען אָפט פאָרגעקומען וכּוחים צווישען דעם רבי'ן מיט זײן תלמיד. רבי פּנחס האָט גע'טענה'ט, אַז די גרויסע יודישע כאַראַקטערען פון דער פערגאַנגענהײט לעבען נאָך עד-היום בײַ יודען און יעדער פרומער יוד איז נאָך יעצט אויך פעהיג צו שטאַרבען על קידוש השם. ווען פּאַול פלעגט איהם וועלען דערווײַזען, אַז דאָס איז נישט ריכטיג, האָט שטײנער איהם דערוויזען, אַז נור אונטער די שלעכטע לעבענס-בעדינגונגען איז דער יוד געוואָרען אַנדערש, אין גרונד אָבער איז ער נאָך עד-היום געבליבען דער אײגענער, וואָס פאַרצײטען און בײַ דער געלעגענהײט דערווײזט ער עס שטענדיג.

— יאָ—האָט שטײנער געזאָגט—די ווירקונג פון אונזער גרויסער און לאַנגער געשיכטע איז אַזאַ שטענדיגע, אַז איהרע שפּורען קאָנען נישט אָבגעמעקט ווערען. נישט בלויז אַ גע'שמד'טער יוד, וועלכער האָט זיך גע'שמד'ט, צוליעב אַ וועלכער-ס'איז סבה, בלײַבט

תמיד אַ יוד אין האַרצען,—איך גיעה נאָך ווייטער און זאָג, אַז אַפילו אַ יודיש קינד, וואָס איז אין פריהעסטען עלטער אַרויסגעריסען געוואָרען פון יודישען קרייז, שפירט זיך תמיד צוגעצויגען צו יודען דורך אַן׳אונבעוואוסטער קראַפט, אָדער דוקא דורך אַ בעוואוסטער׳ דורך דער קראַפט פון אַ יודישען כאַראַקטער.

אויף פּאול׳ן האָבען די דאָזיגע ווערטער געמאַכט אַ געוואַלטיגען איינדרוק. ער האָט שאַרף אָנגעקוקט זיין רבי׳ן און געפרעגט:

— איהר האַלט מיך פאַר אַ געבוירענעם יודען?

— צו וואָס זאָל איך עס לייקענען?—האָט שטיינער געענטפערט—איך האָב זיך נישט נאָכגעפרעגט נאָך אייערע פאַמיליען-פערהעלטנישען, אָבער נאָכ׳ן פראָצעס רעדען עס אַלע. גראַף פערלעבערג, הײמען איהר רופט פעטער, האָט געהאַט נור איין שוועסטער, די באַראָנין ווילדערמוט, וועלכע איז געשטאָרבען אָהן קינדער. ווי אַזוי קענט איהר אַלזאָ זיין דעם גראַף׳ס אַ פלימיעניק? דאַגעגען טראָגט אייער פנים דעם עלטען, ריינעם יודישען טיפּ.

פּאול האָט איבערגעריסען דעם געשפּרעך, ווייל יעדע פראַגע וועגען זיין געבורט האָט איהם פערשאַפען גרויסע גייסטיגע יסורים.

די אָוועָנדען פלעגט פּאול מייסטענס פערברענגען ביי דער פאַמיליע וואָלף. פרוי וואָלף איז געווען זעהר אַ נעכילדעטע פרוי און איהרע קינדער האָט זי אויך געגעבען אַ געהעריגע ערציהונג. פּאול, וועלכער איז געווען פערנומען אינגאַנצען מיט זיין לערנען די יודישע תורה און די יודישע געשיכטע, פלעגט בכיון זעהען אַרויסצופיהרען דאָס געשפּרעך וועגען גרויסע יודישע לייט, מאַנזביל ציי פרויען. מען האָט דאָ פיעל גערעדט וועגען דער שטרעבונג פון די מאָדערנע יודען צו רעפאָרמירען די יודישע אמונה, כדי צו-צופּאַסען זי צו די נייע לעבענס-פאָדערונגען. פרוי וואָלף און איהרע קינדער האָבען געהערט -צו די אָרטאָדאָקסישע יודען און דעריבער האָבען זיי שטרענג פערארטיילט די רעפאָרם-שטרע-בונגען. בעזונדערס בעגייסטערט פאַר׳ן יודישען גלויבען איז געווען די יונגע תולדה. מיט דער גרעסטער היץ האָט זי פערטיידיגט אַלע יודישע געבאָטען און אַלע אָרטאָדאָקסישע מנהגים. פּאול האָט געליעבט אַריינצולאָזען זיך מיט איהר אין אַ וכוח. ער פלעגט בכיון שטעלען זיך אויפ׳ן שטאַנדפונקט פון דער רעפאָרם, כדי צו הערען, ווי אַזוי תולדה וועט פערטיידיגען דעם אָרטאָדאָקסישען שטאַנדפונקט. טיילמאָל איז ער געווען העכסט ערשטוינט איבער דער שלאַג-פערטיגקייט פונ׳ם יונגען מיידעל און איבער דער פעסטקייט און זיכערקייט פון איהר אורטייל. ווען ער פלעגט זי אָנהויבען לויבען דערפאַר, פלעגט זי אָבוואַרפען פון זיך יעדען שבח מיט עלטער עניוות פון אַ בת ישראל, אַ צנועה.

— איהר דאַרפט זיך נישט וואונדערן — האָט זי איינמאָל געזאָגט — וואָס איך האָב אַ ידיעה אין אַזעלכע פראַגען. פון קינדווייז-אָן ליעב איך צו לעזען דעם „איזראַעליט” און דאָרט ווערען די דאָזיגע פראַגען אַזוי גרינדליך אַרומגערעדט, אַז אַפילו אויך אַן׳אונוויסענד מיידעל קאָן בעקומען אַ גרינדליכען בעגריף וועגען דעם.

צוליעב דער גרויסער ראַנקבאַרקייט, וואָס די פאַמיליע וואָלף האָט געשפירט פאַר פּאול׳ן, איז עס געווען אַ גאַנץ נאַטירליכע זאַך, ווען ער איז גוט אויפגענומען געוואָרען אין וואָלף׳ס הויז. אַנדערש האָבען אָבער אויפגעפאַסט די זאַך די פּלאַפּלער צווישען די שכנים, און ס׳איז געקומען אַזוי ווייט, אַז די פריינד פון פרוי וואָלף האָבען איהר אויפ

מערקזאם געמאַכט, אַז דורך פּאָול'ס וויזיטען קאָן ליידען דער גו... טאָכטער. ווען פּאָול איז דעם זעלבען טאָג געקומען צו פרוי וואָלף ... געטראָפען אַליין.

— הערר ווילאַנד — האָט זי געזאָגט נישט אָהן פערלעגענהייט — איהר ווייסט, ווי אונז פערגרעסערט עס איז אונזער דאַנקבאַרקייט פאַר אייך. די אַכטונג און ליעבשאַפט, וואָס מיינע קינדער האָבען פאַר אייך, האָבען זיך אונגעוועהנליך פערשטאַרקט ביי דער נאָהענטער בעקאַנטשאַפט. און דערפאַר טהוט מיר זעהר לייד צו מוזען אייך ערקלערען, אַז איך בין געצוואונגען אייך דרינגענד צו בעטען צו אויפהערען קומען צו מיר אין שטוב אַריין. די שכנים פלאַפלען און זאָגען, אַז איהר טהוט עס נור צוליעב מיין טאָכטער. איהר, הערר ווילאַנד, שטעהט צו־הויך, אַז איך זאָל דאַרפען מורא האָבען צו בעליידיגען אייך, ווען איך זאָג אייך, אַז מיר האָבען נישט קיינמאָל נישט געטראַכט וועגען אַזאַ נטיה פון אייער זייט. איהר זענט אַ קריסט, מיר זענען יודען, דער דאָזיגער אומשטאַנד שניידט־אָב יעדע מעגליכקייט פאַר אַזעלכע השערות.

— איהר זענט גערעכט, פרוי וואָלף — האָט פּאָול געזאָגט. — יעצט געה איך; איך מוז נאָך מיט זיך זעלבסט צו־רעכט ווערען. פיעלייכט וועלען מיר זיך אין גיכען וויעדערזעהען.

פּאָול האָט באַלד פערלאָזען פרוי וואָלפ'ס וואוינונג. אין דער גרעסטער אויפרעגונג האָט ער זיך אַרומגעבלאָנקעט אין די גאַסען פון דער גרויסער האַנדעלס־שטאָדט, ביז ער איז געקומען צום האַפען, וואו עס זענען געשטאַנען הונדערטער שיפען. דאָ האָט עס גע־קאָכט און געזאָדען. מען האָט שיפען אויסגעלאָדען און אָנגעלאָדען. פּאָול האָט לאַנג געקוקט פערטראַכטערהייד.

— מענשען אַרבייטען און בעמיהען זיך — האָט ער גערעדט פאַר זיך — הײַנט, ווי טויזענדער יאָהרען צוריק. די אַלטע נאַציאָנען זענען שוין לאַנג פערשוואונדען געוואָרען, נאָר די יודישע לעבט נאָך, אַלס אַ לעבעדיגער מאָנומענט פון אַן אַלטער וועלט. פאַרוואָס האָב איך זיך אַזוי שטאַרק פעראינטערעסירט מיט'ן דאָזיגען פאָלק? צי איז עס צוליעב דעם געפיהל, וואָס די יונגע תולדה וואָלף האָט אין מיר דערוועקט, אָדער גערעכט איז טאַקי מיין רבי, פנחס שטיינער? איך שטעה פאַר אַ ווילכטיגער ענטשיידונג. אויב איך זאָל התונה האָבען מיט'ן יודישען מיידעל, מוז איך ווערען אַ יוד. וואָס וועט זאָגען דערצו מיין פּעטער? קודם־כל מוז איך דאָך אָבער וויסען גענוי וועגען מיין געבורט. מיט'ן גראַף איז מיר שווער וועגען דעם צו רעדען. אפשר שרייבען איהם? און ווי וועט זיין, אַז איך וועל זיך דערוויסען, אַז ער איז ווירקליך מיין פאָטער, צי וועל איך אויך דאַמאָלס איהם געהאָרכען און אָבזאָגען זיך פון תולדה'ן? איך וועל אינגיכען ווערען פול־יעהריג, דאַן האָרט אויף די אַפּוטרופּסות פון מיין פּעטער און איך וועל קאָנען בעגעהן זיך אַזוי, ווי איך וועל געפינען פאַר גוט. ניין, בעסער איז, אַז איך זאָל גאָרנישט בעמיהען זיך דערגעהן וועגען מיין געבורט. קודם־כל אָבער מוז איך וואָס־גיכער אַוועקפאָהרען פון דאַנען, ווייל אויב יאָ ווערען אַ יוד, וועט דאָס פאָרקומען נישט דאָ, נאָר אין אַן אָרט, וואו קיינער קען מיך נישט.

מיט'ן דאָזיגען בעשלוס האָט פּאָול זיך בערוהיגט און האָט באַלד פערלאָזען האַמבורג.

# 17. בײַ פּאָול'ס מוטער.

ירשט רימבאַך איז געקומען צוריק פֿון גראַף פּערלעבערג, האָט ער ענט, אַז דורך דער ידיעה, דאָס פּאָול װײַלאַנד איז אַ ייִד, װעט ער אָבשװאַכען זײַן טאָכטער'ס ליעבשאַפֿט צו איהם. ער האָט אָבער דערין געהאַט אַ גרויסען טעות. דאָס יונגע מײדעל איז אַזוי שטאַרק געװען פֿערקאָכט אין'ם שענעם זינגער, אַז זי האָט איהם נאָך מעהר ליעב בעקומען, װען זי האָט זיך דערװאוסט, אַז ער איז אַ ייִד.

— מאַמע—האָט די יונגע פֿירשטין געזאָגט צו איהר מוטער—צי בעמערקסטו ניט, װי אין פּאָול'ן לעבט דער אַלטער טיף פֿון די גרויסע יודען אין דער הײליגער שריפֿט? צי איז נישט אויסגעגאָסען אויף זײַן פּנים מילדקײט, מוט און חכמה? יאָ, ער איז אַ ייִד, אָבער טאַקי דערפֿאַר איז ער נאָך שענער און ערהאַבענער, װײַל ער טראָגט אין זיך אַלע גרויסע און שענע מדות פֿון פֿאַרצײַטיגען גרויסען פֿאָלק. אין מוט און העלדישקײט איז ער גלײַך צו די ריטער פֿון מיטעלאַלטער. ער האָט דאָס דערװיזען, ראַטעװענדיג אַ מענשען פֿון אַ רויבער, אײַנשטעלענדיג דערבײַ זײַן אײגען לעבען. לויט זײַן פֿײַנהײט און אויפֿפֿיהרונג, איז ער אַן עכטער עדעלמאַן, לויט זײַן װיסענשאַפֿט, שטעהט ער העכער פֿאַר אַלע יונגעלײַט פֿון אונזער קרײַז.

די אַלטע פֿירשטין איז אָבער גור װעניג װאָס געװען ענטציקט פֿון דער ידיעה, אַז פּאָול איז אַ ייִד. דאָך האָט זי זיך געטרײסט מיט'ן געדאַנק, אַז פּאָול'ס מוטער איז געװאָרען אַ פֿירשטין. אַזוי־אַרום איז געװען אַן'אויסזיכט צו פּועל'ן דורכ'ן קײזער, אַז פּאָול זאָל בעקומען די טיטולען פֿון זײַן שטיף־פֿאָטער, אָדער פֿון זײַן שװעהר. די פֿירשטין, װי אויך איהר מאַן, האָבען קײן אײנציגע מינוט נישט געצװײפֿעלט, אַז פּאָול װעט זיך שפּירען העכסט גליקליך מיט די פֿירשטליכע טיטולען און װעט זיך לײַכט אָבזאָגען פֿון יודענטום, אַבי נור צו בעקומען פֿאַר אַ פֿרוי די פּרינצעסין מעלאַניע.

— איך װעל קודם־כל מאַכען אַ רײַזע קײן איטאַליען—האָט דער פֿירשט געזאָגט,— כדי צו בעקענען זיך מיט פּאָול'ס מוטער. ביז װאַנען איך װעל צוריקקומען פֿון איטאַליען פֿערבאָט איך אויפֿצונעהמען דאָ פּאָול'ן אָדער זוכען ערגעץ־װאו זײַן בעקענטשאַפֿט.

— דו ביזט דער בעסטער פֿון אַלע טאַטעס—האָט מעלאַניע געזאָגט—און דײַן װאונש איז פֿאַר מיר אַ בעפֿעהל. פֿאָהר־זשע רוהיג און גליקליך אין דאָס הערליכע לאַנד און זעה זיך מיט פּאָול'ס מוטער.

אַ קורצע צײַט נאָכדעם איז פֿירשט רימבאַך געקומען קײן איטאַליען אין דער געגענד, װאו דער פֿירשט מאָנטעװעקריאָ האָט געװאוינט.

דער פֿירשטליכער שלאָס ליעגט אויף יענעם װאונדערפֿולען װעג, װאָס געפֿינט זיך צװישען די דרײַ אָזערא'ס: לאַגאָ די קאָמאָ, לאַגאָ די לוגאַנאָ און לאַגאָ מאַדזשיאָרע. די אָרטיגע אײַנװאוינער רופֿען איהם אָן דער גן־עדן־װעג; דאָס גאַנצע פּרעכטיגע געביעט איז עהנליך צו אַ גן־עדן. פּאָמעראַנצען און מירטען, זילבער־גראָהע אײלבירטען און גאָלדענע װײַן־טרויבען בליהען דאָ אין פֿערשװענדערישער עשירות.

דעם פֿירשט'ס קאַרעטע איז געפֿאָהרען אויף אַ װעג אינגאַנצען אונטער'ן שאָטען פֿון פּאָמעראַנצען און גראַנאַטען, ציטראָנען און מירטען, װעלכע זענען אַדורכגעפֿלאָכטען מיט

רויען און הילכען־אָב דאָס וואונדער־שענע געזאַנג פון פויגלען. דאַן געהט דער וועג דורך גאַנצע פון לאָרבערן וועלכע ענדיגט זיך בײַ די טויערן פון׳ם שלאָס פון פירשט מאָנטעוועגריאָ.

דער שלאָס איז אַ פראַכטפולע געבײַדע, וואָס געפינט זיך אין דער הויך יוינ׳ן בארג, צאָהלרײַכע טהורעמס בעפוצען עס און זײַנע מאַרמאָר־ווענד שפיגלען זיך אָב אין דער אָזיערע אין דערנידער.

דעם געקומענעם פירשט האָט מען אַרײַנגעפיהרט אין גרויסען עמפּפאַנגס־זאַל. דאָס איז געווען אַ זאַל פון אמת׳ער פירשטליכער פראַכט. דיקע פערסישע דיוואַנעס האָבען בעדעקט דעם באָדען; די ווענד זענען געווען מיט פראַכטפולע בילדער אויף טײַערע גאָבעלין־טאַפּעטען. וואונדערשענע סטאַטוטען האָבען געמילדערט די אונגעהויערע גרויסקײַט פון׳ם זאַל.

מען האָט אײַנגעלאַדען דעם פירשט פאַן רימבאַך צו זעצען זיך אין דער ערוואַרטונג פון דער פירשטין מאָנטעוועגריאָ. ס׳האָט געדויערט נישט לאַנג, האָט זיך אויפגעהויבען אַ שווערער פּאָרטיער און ס׳איז אַרײַנגעקומען אַ פרויען־געשטאַלט. מען האָט נאָך יעצט אויך געקאָנט בעמערקען אין איהר די שפורען פון איהר פריהערדיגער זעלטענער שענהײַט, אָבער די הויכע געשטאַלט איז געווען געבויגט, און ס׳איז קענטיג געווען, אַז יסורים און צרות האָבען זי געעלטערט פאַר דער צײַט.

— גנעדיגע פירשטין — האָט דער דײַטשער פירשט אָנגעהויבען — איהר האָט דערהאַלטען מײַן בריעף און זענט געווען אַזוי גוט מיר צו געבען די אודיענץ, וואָס איך האָב בײַ אײַך געבעטען, צי דערמאָהנט איהר זיך נאָך וועגען מיר?

— געוויס, מײַן פירשט — האָט די פירשטין געענטפערט, — איהר האָט זיך געענדערט נישט פיעל, און די 22 יאָהר, וועלכע איך האָב אײַך נישט געזעהען, האָבען אײַך קוים־קוים עלטער געמאַכט. אָבער מיך האָט איהר געוויס נישט דערקענט? איך האָב שווער געליטען, יסורים און צרות האָבען מײַנע האָר ווײַס געמאַכט און מײַן געשטאַלט געבויגט.

— איז אײַער הײַראַט געווען אַ גליקליכע?

— יאָ, זי איז געווען אַ גליקליכע און איז עס נאָך יעצט אויך. אָבער אונזער אײַנציגער זוהן איז געשטאָרבען. איך וויל זײַן אַנדענקען נישט שענדען. ער האָט מיך און מײַן מאַן עלטער געמאַכט אויף צעהנדליגער יאָהר.

— איהר האָט דאָך נאָך איין זוהן, דורכלויכט.

— איהר קענט איהם? איהר קענט מײַן היינריכ׳ן?

— היינריך? ניין, דער יונגערמאַן, וועלכען איך מיין, הייסט פּאול וויילאַנד און ער איז דער ערציהונגס־זוהן פון גראַף פערלעבערג.

— גאַנץ רעכט, גאַנץ רעכט. איהר קענט איהם?

— דאָס איז אַ מוסטערהאַפטער יונגערמאַן, אַ פאָלקאָמער עדעל־מאַן, גײַסט־רײַך און געלערנט. מײַן אײַנציגע טאָכטער, די יורש׳טע פון מײַנע גיטער, ליעבט איהם און וויל פאַר איהם חתונה האָבען.

— מײַן פירשט, איהר ניעסט באַלזאַם אויף מײַן פערוואונדעט האַרץ. איך געפין זיך אין גרויסער פערלעגענהײַט צוליעב דעם דאָזיגען זוהן. פירשט מאָנטעוועגריאָ ווײַסט

נישט וועגען דער עקזיסטענץ פֿונ'ם קינד פֿון מײַן ערשטער חתונה. לויט דער עצה פֿון מײַן געזעלשאַפֿטערין ברױנפֿעלז, האָב איך דאַמאָלס פֿערשוויגען דעם פֿירשט, אַז איך האָב אַ זוהן און פֿון דאַמאָלס אָן האָב איך נישט געהאַט דעם מוט צו ענטדעקען איהם דעם זאַך.

— וואָס איז געוואָרען מיט אײַער געזעלשאַפֿטערין?

— אויך זי האָט פֿיעל געליטען. די שרעקליכע יסורים, וואָס מײַן נישט גערעכטער זוהן, נחידאָ, האָט אונז אַלעמען פֿערשאַפֿט, האָט זי געטראָפֿען מעהר פֿאַר אַלעמען. זי לײַדעט איצט אַ געמיטס-קראַנקהײַט.

די פֿירשטין האָט געשוויגען. אויך פֿירשט ריטבאַך האָט זיך נישט דערוואָגען צו רײַדען, אַכטענדיג דעם צער פֿון דער געקרענקטער מוטער. ענדליך האָט די פֿירשטין געזאָגט:

— פֿיעלײַכט ווײסט איהר, מײַן פֿירשט, אַזוי גוט זײַן צו ענטדעקען דעם פֿירשט, מײַן מאַן, דעם צוועק פֿון אײַער קומען אַהער אין בעציהונג אויף מײַן זוהן היינריך — אַזוי רופֿט מען איהם איגענטליך. פֿיעלײַכט וועט איהר בעוועגען דעם פֿירשט צו לאָזען איהם קומען אַהער; פֿיעלײַכט בליהט נאָך פֿאַר מיר אַ פֿערשפּעטיגט גליק.

— גערן וויל איך איבערנעהמען די דאָזיגע אויפֿגאַבע אויף זיך. מײַן טאָכטער ליעבט אײַער זוהן און זי וועט זיך מיט אַ לײַכטען האַרצען בעשליסען חתונה צו האָבען פֿאַר איהם, ווען ער זאָל הײסען בלויז פּאָול ווײַלאַנד. איך און מײַן פֿרוי, וועלכע זענען בלב ונפש צוגעבונדען צו אונזער טאָכטער, וועלען מוזען נאָכגעבען איהר סוף-כל-סוף. אָבער בעסער וואָלט איך געוואָלט, אַז אונזער קינפֿטיגער אײדעם זאָל הײסען פֿירשט מאָנטעוועגריאָ.

— צי ווײס היינריך וועגען די אַלע דאָזיגע פּלענער?

— ער ווײס וועגען דעם גאָרנישט. דאָך איז עס נאָרנישט צו גלויבען, אַז ער זאָל זיך אָבזאָגען פֿון אַ גליק, וועלכעס ס'וואָלטען זיך געוואונשען די רײַכסטע און עדעלסטע משפּחות אין אונזער פֿאָטערלאַנד.

---

# 18. פּאָול וויל ווערען אַ יוד.

אין אַ שטאָדט אויפֿ'ן רהײַן איז געזעסען אין זײַן בית-המדרש דער רב מיט זײַנע תלמידים איבער זײערע גמרות. דאָס איז געווען צווישען פּורים און פּסח און דער רב האָט געלערנט מיט די תלמידים מסכת פּסחים. ער האָט זיך געדאַרפֿט צוגרײטען צו האַלטען אַ דרשה אין דער גרויסער שוהל אום שבת הגדול און האָט זיך אויסגעקליבען פֿאַר אַ טעמאַ די שאלה, צי דאַרף מען עסען מצה מיט מרור צוזאַמען, אָדער יעדעס זאַך בעזונדער. מיר פֿערזוכען צוערשט יעדע זאַך בעזונדער, דאַן עסען עס מיר צוזאַמען, ווי הלל פּלעגט עס טהון, בשעת דער בית המקדש איז נאָך געשטאַנען. דער רב האָט דערבײַ דערצעהלט זײַנע תלמידים, וואָס פֿאַר אַ גרויסער מאַן דער תנא הלל איז געווען, ווי מילד און ערעלמוטיג ער איז געווען, סײַ געגען יודען און סײַ געגען נישט יודען. הלל'ס פֿרײַנד און חבר שמאי, האָט געהאַט אַ צ'אַנדער כאַראַקטער. ווען צו איהם איז געקומען אײנמאָל אַ געצען-דיענער און געבעטען איהם מגייר צו זײַן, האָט איהם שמאי אָבגעזאָגט דערין.

ווי נור ער האָט דערקענט, אַז דער געצען-דינער האָט דערביי אַ זייטיגע כונה. הלל דאַגעגען האָט מיט איהם געלערנט די יודישע תורה און געבראַכט איהם דערצו, אַז ער האָט אַליין אָנערקענט די גרויסע יסודות פון יודענטום.—

און וועהרענד דער רב האָט דאָס דערצעהלט זיינע תלמידים, האָט מען איהם דערלאַנגט אַ וויזיט-קאַרטע, אויף וועלכער ס'איז געווען געשריבען דער נאָמען פאַול ווייסלאַנד. דער רב האָט נעהייסען אַריינפיהרען דעם פרעמדען אין אַ זייטיגען צימער און בעטען איהם וואַרטען, ביז ער וועט ענדיגען דעם שיעור מיט זיינע תלמידים.

ווען דער רב האָט געענדיגט דעם שיעור און איז אַריינגעקומען אין זיין קאַבינעט, האָט ער צו זיין פערוואונדערונג דערזעהען פאַר זיך אַ בילד-שענעם יונגענמאַן, וואָס די חכמה און געלעהרטקייט האָט געשיינט אויף זיין פנים. פאַול האָט נעמליך געהערט צו יענע גליקליכע פערזענליכקייטען, וואָס מיט זייער געשטאַלט אַליין קויפען זיי זיך אָב אַלע הערצער.

— הערר ראַבינער—האָט פאַול געזאָגט — ענטשולדיגט מיר, וואָס איך שטער אייך אין אייער בעשעפטיגונג. עס איז פאַר מיר אַ זעהר וויכטיגע אַנגעלעגענהייט, צוליעב וועלכער איך בין צו אייך געקומען. איך בין אַ קריסט, אַן עוואַנגעליקער, און איך וועל ווערען אַ יוד.

— אייער מיטטיילונג איבערראַשט מיך—האָט דער רב געענטפערט, — אָבער נישט צוליעב דעם, וואָס אַזעלכע פאַרשלאַגען זענען פאַר מיר אַ זעלטענהייט; פערקעהרט, אין דער לעצטער צייט מאַכט מען מיר זעהר אָפט אַזעלכע פאַרשלאַגען, אָבער שטענדיג זענען דאָס מענשען פון געמיינעם שטאַנד, וועלכע ווילען עס טהון צוליעב וועלכען-ס'איז נוצען פאַר זיך; איהר אָבער, מיין הערר, אַ מענש פון אַ העכערער קלאַס, מיט אַ הויכער בילדונג און, ווי עס שיינט, אויך אַ רייכער מאַן, זאָגט מיר דעם אמת, וואָס האָט אייך בעוואויגען צו מאַכען אַזאַ שריט?

— איך בין רייך און אונאָבהענגיג, כ'האָב געשטודירט יוריספרודענץ און בעלעגט דעם מלוכה-עקזאַמען. נאָכדעם ווי איך האָב ערפילט מיין מיליטער-דיענסט, בין איך אַלס ליי' ענאַנט אַריינגעטראָטען אין רעזערווע. מיין פעטער איז גראַף פערלעבערג, איינער פון די רייכסטע עדעל-לייט אין זיין סביבה. איך אַליין האָב אַ גרויסען אונאָבהענגיגען פערמעגען און צוליעב דעם שריט, וואָס איך גיי יעצט טהון, וועל איך זיך מוזען אָבזאָגען פון אַ גלענצענדער קאַריערע. איהר זעהט אַלזאָ, אַז קיין אויסערליכער נוצען האָט מיך נישט געקאָנט בעוועגען מיין שריט צו טהון. איך האָב אָבער שטודירט די יודישע געשיכטע, און דאָס האָט מיך דערוועקט אָנצוערקענען די רעליגיע, וועלכע איך האַלט יעצט פאַר דער איינציג ריכטיגער. איך האָב אייך שוין געזאָגט, אַז איך בין ערצויגען געוואָרען אַלס עוואַנגעלישער קריסט. מען האָט מיך געלערנט, אַז דאָס יודענטום איז נור אַ פאָדער-טרעפ צום קריסטענטום, און זינט דאָס קריסטענטום איז ערשיענען, איז דאָס יודענטום פערגליווערט און פערשטיינערט געוואָרען און האָט שוין מעהר נישט קיין רעכט צו עקזיסטירען. מען האָט מיך אויך געלערנט, אַז דאָס ביסעל יודען, וועלכע לעבען צוזייהעט און צושפרייט אויף דער גאַנצער וועלט, זענען אָנהענגער פון זייער אַלטען גלויבען נור צוליעב עקשנות וו ן מען בעדענקט, ווי דאָס קריסטענטום האָט מאַרשירט זיגרייך אין דער וועלט, תחלת דורך לאַנגע קאַמפען און דורך אַ געוואַלדען זיך אין גרויסע יסורים אונ-

טערן רוימישען יאָך און דערנאָך אײַנגעהמענדיג די דאָזיגע גרויסע וועלט-מלוכה; ווען מען האָט מיר דערצעהלט די געשיכטע, ווי די ווילדע מהנות פון דער פעלקער-וואַנדערונג האָבען זיך געבויגען פאַר'ן קריסטענטום און אָנגענומען די רעליגיע פון די בעזיגטע, איז פאַר מיר קײן וואונדער נישט געווען ווען מען האָט מיר אויך געלערנט צו בעטראַכטען דאָס יודענטום אַלס די רעליגיע פון די בעזיגטע, אָדער ווי אַ טרעפ, וואָס מוז פיהרען צום קריסטענטום. איך האָב דאָס געהאַלטען פאַר אַ וואָהרהײַט, וועלכע קאָן נישט אָבגעלײַקענט ווערען; אָבער אָט האָב איך זיך מיט נײַן חדשים צוריק בעקענט מיט יודען און האָב זיך דערוואוסט, צו מײַן גרויסער פערוואונדערונג, אַז דאָס יודענטום איז גאָרנישט אָבגעשטאָרבען, אַז עס לעבט און האָט בעגײַסטערטע אָנהענגער און מאַמינים.

פאַול ווײַלאַנד האָט זיך אַ ווײַלע פערטראַכט, דער רב האָט געקוקט אויף איהם אויפמערקזאַם, דאַן האָט פאַול גערעדט ווײַטער:

— כ'האָב אָנגעהויבען שטודירען דאָס יודענטום און זײַן געשיכטע. אין מײַנע אויגען האָט פערלוירען דער זיעג פון קריסטענטום זײַן קראַפט צו דיענען אַלס בעווײַז פאַר זײַן וואַהרהײַט, ווײַל איך האָב זיך דערוואוסט, אַז אויך דער מהמד'אנישער גלויבען האָט געפײַערט זײַנע נצחונות איבער מיליאָנען מענשען אין די מזרח-לענדער, ווי דאָס קריסטענטום אין די מערב-לענדער. דאַגעגען איז פאַר מיר ווילכטיג געוואָרען דער פאַקט, וואָס בײדע, אי דאָס קריסטענטום, אי דאָס מחמד'אַנערטום ווײַזען-אָן אויף די יודישע רעליגיע אַלס אויף זײער מוטער. ס'איז פאַר מיר קלאָר געוואָרען, אַז די געטליכע חכמה, וואָס דאָס יודענטום ענטהאַלט, האָט עס בעוויזען די גרויסע וואונדער דאָרט אין מזרח און דאָ אין מערב. דאָס יודענטום האַלט נישט, אַז זײַן אויפגאַבע איז אײַנצונעהמען אַלע פעלקער, און עס קאָן דאָס גאָר נישט טהון אויך, ווײַל לויט זײַן נאַטור איז עס אָנגעוויזען געוואָרען מיט זײַנע פיעל געבאָטען נור אויף אַ קלײַנעם קרײַז מענשען—אויף דאָס יודישע פאָלק. אפילו דאָס קריסטענטום פון די ערשטע אפאָסטאָלען האָט דאָס נישט געקאָנט בעווײַזען, כל-זמן מען איז נאָך געווען געבונדען דורך די יודישע געזעצען. ערשט דאַן, ווען אַפאָסטאָל פאַול האָט מבטל געמאַכט פיעל יודישע געבאָטען, איז דאָס קריסטענטום געוואָרען אַ וועלט-רעליגיע. דאָס קריסטענטום האָט אַראָבגעוואָרפען די אַלטע געטער און האָט אָנשטאָט זײ אויפגעשטעלט נײַע בילדער צו פערעהרונג. אַזוי-אַרום האָבען פאַר די געצענדינערישע נאַציאָנען זיך געביטען בלויז די נעמען, אָבער דער עיקר, זײ האָבען נור איבערגענומען די יודישע תורת-המוסר. אויך אין מחמד'ס לעהרע שטימט דער עיקר פון יודענטום און נור אָט דעם עיקר האָבען זיך אונטערגעגעבען די מזרח-פעלקער. די לעהרע פון'ם אײַנציגען בעשעפער האָט דאָרט געזיעגט און נישט קײן אַנדערע זאַך. אָבער, די פיעל מזרח-פעלקער זענען נאָך נישט געווען גרײַט אויפצונעהמען די דאָזיגע לעהרע און איהר גרויסע רײַנהײַט, דעריבער האָט זיך דער מחמד'ראַנער אָבגעזאָגט פון פיעל געבאָטען פון דער יודישער תורה. נור אין יודענטום האָט די תורה זיך דערהאַלטען אין איהר גאַנצער רײַנהײַט און אָט דעריבער פיהל איך זיך נויטװענדיג צו מאַכען דעם ווילכטיגען שריט און איבערגעבען מיט מײַן גאַנצער פערגאַנגענהײַט, לאָזען זיך מלה זײַן, כדי ווערט צו זײַן פאָלקאָם אַרײַנגעטרעטען אין יודענטום, וועלכען איך אָנערקען פאַר'ן אײַנציג ריכטיגען גלויבען.

— איך ווינש אייך גליק, מיין העררע, צו די טיפע און גרינדליכע שטודיען, וואס איהר האט געמאכט. אייערע ווערטעראיבערצייגען מיך פאלקאם, אז נור די אידעלסטע מאטיווען האבען אייך געפיהרט צו מיר. פונדעסטוועגען מוז איך אייך ערנסט ראטען אבצוזאגען זיך פונ'ם שריט, וועלכען איהר ווילט טהון. פארוואס ווילט איהר נעהמען אויף זיך דעם יאך פון די צאהלרייכע געזעצען, וועלכע איהר זענט נישט מחויב צו ערפילען? אונזערע חכמים לערנען אונז, אז די חסידי אומות־העולם האבען אלע א חלק אין עולם־הבא. ווייבאלד נור זיי אנערקענען דעם איינציגען בורא אין הימעלן, זאגען זיך אב פון געצענדיענסט און ערפילען די תורת המוסר והמדות. טהוענדיג רעכט און גערעכטיגקייט געגען אנדערע מענשען, ערפילען זיי שוין פאלקאם זייער פליכט, די יודישע מצוות אבער זענען זיי נישט מחויב צו טהון, ווייל זיי זענען נישט געבארען קיין יודען. קוים אבער זענען זיי זיך מגייר, נעהמען זיי אויף זיך דעם עול פון צאהלרייכע דינים, וועלכע ס'איז זעהר שווער אבצוהיטען א מענשען, וועלכער איז דערצו נישט ערצויגען געווארען פון קינדווייז אן.

— מיר וועט נישט זיין שווער צו ערפילען קאנסעקוועגט אלץ, וואס איך האב אנערקענט פאר ריכטיג. איך וואלט געוואלט תיכף לאזען זיך מלה זיין. העברעאיש און די תורה האב איך שוין געלערענט.

— ערלויבט מיר נאך איין פראגע. איך צווייפעל נישט, נאטירליך, אין דער ריכטיגקייט פון דעם, וואס איהר האט מיר געזאגט. צי האט איהר מיר אבער אלץ געזאגט? צי האט איהר מיר נישט פערשוויגען, וואס ס'האט געווירקט אויף אייער בעשלוס? צי ליעבט איהר נישט אפשר א יודיש מיידעל, מיט וועלכע איהר קענט נישט חתונה האבען, סיידען דורכ'ן אננעהמען די יודישע רעליגיע?

— אמת, העררר ראבינער, ס'איז ריכטיג, ווי איהר זאגט. איך ליעב טאקי א יודיש מיידעל. אבער אין מיין ענטשלוס צו ווערען א יוד, איז דער דאזיגער אומשטאנד נישט מאסגעבענד. די ליעבשאפט צו א פרל. אליין וואלט מיך נישט בעוואויגען אבצוזאגען זיך פון איין אמונה און אנצונעהמען אנ'אנדערע.

— אויב אזוי פאדערט די יודישע אמונה א קרבן פון אייך. פון ערשטען שריט אן זאגט זיך אב פונ'ם שידוך מיט דעם יודישען מיידעל, וועלכען איהר האט געוואלט אזוי שטארק טהוען. דאס יודענטום פערבאט אונז מקבל צו זיין גרים, וועלכע ווילען אננעהמען דאס יודענטום נור צוליעב חתונה האבען מיט א יודישער פרוי.

— איהר פערלאנגט פון מיר אנ'אונמעגליכע זאך.

— איהר זעהט אלזא, מיין העררר, אז די ליעבשאפט צו דער יודישער טאכטער שפיעלט אין אייער ענטשלוס מעהר ראליע, ווי איהר זינט אליין מודה. איך בין פעסט איבערצייגט, אז אהן דער דאזיגער ליעבע וואלט איהר קיינמאל נישט געקומען צום בעשלוס צו פערטוישען אייער רעליגיע אויף אנ'אנדערע.

— מעגליך, אז איהר האט רעכט, העררר ראבינער. אבער נאכדעם ווי איך בין אויפמערקזאם געווארען אויף דער יודישער רעליגיע דורך דער בעקאנטשאפט מיט דער פאמיליע, צו וועלכער דאס יודישע מיידעל געהערט, האט זיך מיר פאלקאם ענטפלעקט די ווארהייט פון דער תורה. אהן דער דאזיגער ווארהייט וואלט איך געפונען אין זיך גענוג שטארקייט צו קעמפפען געגען דער ליעבשאפט. ווייל אבער מיין איבערצייגונג שטימט

פֿאָלקאָם מיט מײַן פֿערלאַנג, וואָלט עס געווען וואונדערליך, אַז איך זאָל קעמפֿען געגען דער ליעבשאַפֿט, וועלכע וועט מיך גליקליך מאַכען, ווי איך בין דערין פֿעסט איבערצייגט. מײַן לעבענסגליק וואָלט פֿערלאָרען געגאַנגען דערבײַ.

— אונטער אַזעלכע אומשטענדען מוז איך אײַך אויפֿ'ן ענטשיידענסטען אויפֿן אָבזאָגען אין אײַער פֿערלאַנג אַרײַנצונעהמען אײַך אין יודענטום. ס'איז בפֿירוש פֿערבאָטען אָנצונעהמען גרים, וועלכע קאָנען דורך זייער מגייר זײַן זיך טהון אַ שידוך מיט אַ יודישער טאָכטער. איהר, מײַן הערר, וועט אפֿשר געפֿינען רבנים, וועלכע וועלען אין דער הינזיכט זײַן וועניגער שטרענג. אָבער דאַן געהט איהר מיט'ן נישט ריכטיגען וועג און דאָס וועט אײַך נישט ברענגען קיין גוטע פֿרוכטען. בעדאַכט זיך דעריבער גוט, איידער איהר געהט מאַכען אַזאַ ערנסטען שריט.

— איך וויל זיך נישט ווענדען צו איינעם פֿון יענע רבנים, וועלכע פֿעראַכטען די געזעצען פֿון יודענטום, אָדער זיי ווילען זיי רעפֿאָרמירען; דערפֿאַר טאַקי האָב איך זיך געווענדעט צו אײַך. אײַער ענטשיידונג מאַכט מיך טיעף אונגליקליך, צי דען איז נישטאָ קיין מיטעל?

— איך פֿיהל דאָס טיעפֿסטע מיטלייד מיט אײַך, אָבער אַנדערש ענטשיידען קאָן איך נישט.

— בעדענקט זיך, הערר ראַבינער, ווי גרויס עס איז מײַן ליעבע צום יודענטום און צו דער יודישער טאָכטער, ווען איך האָב בעשלאָסען איבערצורײַסען מיט מײַן גאַנצער פֿערגאַנגענהייט און מפֿקיר זײַן מײַן צוקונפֿט. צי גיט אײַך דען נישט די יודישע רעליגיע וועלכע־עס־איז מיטלען אין די הענד, דורך וועלכע איך זאָל קאָנען דערגרייכען דאָס גליק פֿון מײַן לעבען?

דער רב האָט געשוויגען. ער האָט אויפֿמערקזאַם בעטראַכט דאָס איידעלע פּנים פֿון יונגענמאַן.

— מײַן הערר!—האָט ער געזאָגט נאָך אַ קורצען בעדענקען זיך—איהר האָט פֿריהער געזאָגט, אַז גראַף פֿערלעבערג איז אײַער פֿעטער. צי ווענט איהר דער זוהן פֿון זײַן שוועסטער?

— איך ווייס נישט, ווי אַזוי גראַף פֿערלעבערג איז מײַן פֿעטער. אין בעציהונג אויף מײַן געבורט הערשט אַ געהיימניש, וועלכע איך האָב ביז יעצט נישט געפּרובט ענטדעקען.

— אײַער פּנים דערוועקט אין מיר אַ השערה, אַז אײַער מוטער איז אַ יודיש קינד. אין אַזאַ פֿאַל ווענט איהר אַ יוד פֿון געבורט און ממילא איז זעהר לײַכט אײַך אַרײַנצונעהמען אין יודענטום, אײַער ערשטע אויפֿגאַבע מוז דעריבער זײַן, צו ענטדעקען דעם סוד פֿון אײַער געבורט.

פּאַול האָט גענומען אָבשיעד פֿונ'ם רב און איז אַוועקגעגאַנגען צוריק צו זיך אין האָטעל מיט דער כּונה צו פֿאָהרען תּיכּף קיין בערלין און דורכצוזוכען זיך אָפֿען מיט זײַן פֿעטער. אָבער קומענדיג אין האָטעל, האָט ער געפֿונען אַ טעלעגראַמע פֿון זײַן פֿעטער מיט פֿאָלגענדען אינהאַלט:

„פֿאָהר תּיכּף קיין פֿלאָרענץ. אין האָטעל „רוים“ ערוואַרטעט דיך די פֿירשטין מאָנטעוועגריאָ, וועלכע איז גרייט דיר צו געבען געוויסע ערקלערונגען פֿערלעבערג.“

פּאַול האָט קיין מינוט נישט געצווייפלט, אַז אין פלאָרענץ וועט ער זיך דערוויסען וועגען זיין געבורט און אָבשטאַמונג. ווער איז די דאָזיגע פירשטין מאָנטעוועגריאָ, וואָס איהר נאָמען האָט ער קיינמאָל נישט געהערט דערמאָהנען? צי זאָל טאַקי זיין ריכטיג די השערה פונ׳ם רב, אַז זיין מוטער איז אַ יודיש קינד? צי איז אפשר די פירשטין זיין מוטער?

## 19. פּאַול ביי זיין מוטער.

פּאַול האָט אונגעדולדיג געריזט טאָג און נאַכט, ביז ער איז אין פלאָרענץ געקומען. דאָ איז ער באַלד געקומען אין האָטעל „רוים" און זיך נאָכגעפרעגט אויף דער פירשטין מאָנטעוועגריאָ; אָנשטאָט צו פיהרען איהם צו דער פירשטין, האָט מען איהם דערלאַנגט אַ בריעף, אין וועלכען די פירשטין האָט געבעטען פּאַול וויילאַנד צו ערוואַרטען די פירשטין אין אַ פּאָר טעג אַרום, ווייל זי איז פּלוצלונג עפּיס געוואָרען אונגעזונד.

פּאַול איז אין זיין לעבען נאָך קיינמאָל נישט געווען אין איטאַליען, דעריבער האָט ער בענוצט די צייט, צו בעקענען זיך מיט׳ן פּערל פון די איטאַליענישע שטעדט, מיט פלאָרענץ.

די שטאָדט פלאָרענץ איז אַזוי שען, אַז מען מוז זי ליעב געווינען גלייך פון ערשטען טאָג, וואָס מען זעהט איהר. אַ מילדע פריעדליכקייט און אַ האַרציגע פרעהליכקייט ליעגט אויסגעגאָסען אויף איהרע נישט זעהר בריישע גאַסען, וועלכע זענען דאָ און דאָרט איבערגעריסען דורך סקווערען, בעפּוצט מיט מאָנומענטען און סלופּעס־האַלעס. דריי פיערטעל שטאָדט ליעגט אויפ׳ן רעכטען ברעג אַרנאָ, איין פיערטעל, צוזאַמען מיט די באָגאַליע גאָרטענס, געפינט זיך אויפ׳ן לינקען ברעג. זעקס פּרעכטיגע בריקען פערבינדען ביידע ברעגען טייך. די שטאָדט איז פול מוזעען און קונסט־זאַמלונגען, און נור לייכטזיניגע מענשען קאָנען אין אַ טאָג אָדער צוויי אָב׳פּטר׳ן זיך און מיינען, אַז זיי האָבען שוין אין דער אמת׳ען געזעהן פלאָרענץ מיט איהר גאַנצער העררליכקייט. פּאַול האָט נישט געהערט צו די דאָזיגע לייכטזיניגע מענשען. כאָטש תחלת האָט איהם געקאָסט פיעל מיה צו בערוהיגען זיין אונגעדולדיגקייט, האָט ער זיך אָבער ביסלעכווייז אַזוי שטאַרק פערטיעפט אין שטודיום פון די פלאָרענצער קונסט־אוצרות, אַז ער האָט אַליין נישט בעמערקט, ווי געשווינד די צייט איז אַריבער פאַר איהם.

אין אַ געוויסען פריהמאָרגען איז פּאַול איבעררעאַשט געוואָרען דורך אַ דיענער אין אַ יעגער־אַנצוג, וועלכער איז אַריינגעקומען צו איהם אין האָטעל און ערקלערט, אַז די פירשטין מאָנטעוועגריאָ איז געקומען און איז גרייט אויפצונעהמען איהם אין אָווענד אַ זייגער 7.

אין דער גרעסטער אויפרעגונג האָט פּאַול געוואַרט אין פאָדערשטוב פון דער פירשטין, אַז זי זאָל איהם אויפנעהמען. ענדליך האָט זיך די טהיר פון אַ זייטיגען סאַלאָן געעפענט. פּאַול איז אַריינגעקומען אין אַ גרויסען סאַלאָן, וואו ער האָט דערזעהען פאַר זיך אַנ׳עלטערע דאַמע.

— חיינריך!—האָט ער דערהערט אויסרופען אַ ציטערנדע שטימע.

— איהר פערציייהעט, דורכלויכט, — האָט פּאַול געענטפערט — איך הייס פּאַול, פּאַול וויילאַנד.

די דאַמע האָט דערויף גישט אַלטונג געגעבען. זי איז צוגעגאַנגען געשווינד צו איהם, אָנגענומען איהם פאַר דער האַנד, אַרויסגעפיהרט איהם אין מיטען צימער אַזוי, אַז די ליכטיגקייט פון לאָמפ האָט אינגאַנצען בעלויכטען זיין פנים...

— אָה, יאָ, דו ביזט עס!—האָט זי אויסגערופען-אינגאַנצען דער טאַטע דיינער, אויב עס זאָל נאָך פעהלען אַ האָהר! מיין זוהן, מיין הייליך, נעהם אַרום דיין מוטער!

פאַול האָט אַרויסגעלאָזען די האַנד פון דער פירשטין און געמאַכט אַ שריט צוריק.

— דורכלויכט—האָט ער געזאָגט-איהר, איהר... זענט מיין מוטער?

— יאָ, מיין הערצענס-זוהן, איך בין דיין מוטער, וועלכע האָט אומזיסט געבענקט נאָך דיר יאָהרען-לאַנג. אָה, לאָז מיך נישט לענגער וואַרטען, קום, לאָז מיך אומאַרעמען דיך.

פאַול האָט זיך נישט גערירט פון אָרט. טויזענדער געדאַנקען האָבען זיך אַ ריהר געטהון אין איהם; העסליכע שרעקליכע השערות האָבען פלוצלונג זיך דערוועקט אין איהם. אַלע יסורים פון זיינע קינדער-יאָהרען זענען ווי לעבעדיג געוואָרען און האָבען מיט אַ קראַבך צוזאַמענגעצויגען זיין האַרץ. די פירשטין מאָנמעראָוועגריאָ זיין מוטער? און ווער, ווער איז דער פאָטער?... צי טאַקי נישט גראַף פערלעבערג?... דער געדאַנק איז געווען פאַר איהם אונערטרעגליך. ווען זיין מוטער איז ווידער צוגעגאַנגען צו איהם, איז ער נאָכאַמאָל אָבגעטראָטען אַ פאַר שריט און האָט געשטאַמעלט:

— מוטער, וואָס איז מיר גראַף פערלעבערג?

די פירשטין האָט איהם אָנגעקוקט פערוואונדערט; זי האָט, ווי עס שיינט, געלעזען ביי איהם אין האַרצען.

— זיי רוהיג, מיין זוהן! גראַף פערלעבערג איז דיין פריינד, דיין ערציהער, דיין אַפּוטרופּוס, דער בעשיצער פון דיין יוגענד, מעהר גאָרנישט. דו אָבער ביזט מיין זוהן, מיין געזעצליכער, עהרליכער זוהן פון מיין ערשטען מאַן.

די דאָזיגע ווערטער האָבען געקלונגען, ווי די הימלישע מוזיק אין די אויערן פון'ם יונגענמאַן. ער האָט תיכף אויסגעשפרייט די אָרעמס און איז געפאַלען זיין מוטער אויפ'ן האַלז.

לאַנג האָט געדויערט די אומאַרמונג. די פירשטין האָט בעדעקט איהר זוהן מיט קושען, אַ שטיינער, ווי זי וואָלט זיך געוואָלט בעשענקען פאַר איהר לאַנגער איינהאַלטונג אין אַ משך פון אַ פיערטעל יאָהרהונדערט, ווען זי האָט זיך נישט געקאָנט זעהען מיט איהר זוהן. דאַן האָט די מוטער זיך גענומען אויפמערקזאַם בעטראַכטען איהר זוהן און האָט נישט געקאָנט זאַט אָנקוקען זיך אויף איהם. אויך פאַול האָט נישט געקאָנט זאַט אָנ'חזר'ען זיך די ליעבהאַרציגע, זיסע ווערטער: „מאַמע!"

אַלזאָ, אָט דאָס איז זיין „מאַמע", מיט וועלכער זיין פאַנטאַזיע האָט זיך אַזוי לאַנג בעשעפטיגט, זינט די פריהסטע קינדער-יאָהרען! אין אַלע זיינע טרויעריגע השערות האָבען זיך אַרויסגעוויזען פאַלש; זיין חשד נעגען גראַף פערלעבערג איז געווען אומזיסט.

אויך יעצט האָט ער געזעהען, אַז איבער זיין געבורט ליעגט אַ טיעפע געהיימניש. אָבער יעצט איז ער שוין געשטאַנען פאַר דער עפנונג פון דער דאָזיגער געהיימניש; ער האָט דעריבער זיך אָבגעגעבען מיט זיין גאַנצען וויעזען דעם גליק צו האָבען געפינען זיין מוטער און קאָנען זי אומאַרעמען.

## 20. פּאול דערוויסט זיך, אז ער איז א יוד.

— מײַן זוהן—האָט די פֿירשטין געזאָגט, נאָכדעם ווי ס'זענען אַריבער די ערשטע בוואליעס פֿון צערטליכקײַט—איך בין דיר שולדיג אַן'ערקלערונג וועגען דײַן פֿערגאַנגענהײַט. זעץ זיך צו צו מיר אויפ'ן סאָפֿאַ, איך וועל דיר אַלץ דערצעהלען און קיין זאַך פֿון דיר נישט פֿערדעקען. אָה, איך האָב שווער געזינדיגט געגען דיר, מײַן קינד! איך האָב בײַ דיר צוגענומען די מוטער-ליעבע, וועלכע געהערט דיר לויט'ן מענשליכען און געטליכען רעכט.

די פֿירשטין האָט זיך ביטערליך צעוויינט. פּאול האָט אָנגענומען איהר האַנד און בעדעקט זי מיט קושען.

— מאַמע!—האָט ער אויסגערופֿען—רייד נישט וועגען דער פֿערגאַנגענהײַט. דער יעצטיגער מאָמענט בעצאָהלט מיר דאָך פֿאַר אַלץ.

— דו ביזט אַ גוטער, אײַדעלער מענש, מײַן קינד! אַלע בריעף פֿון גראַף פֿערלעבערג זענען שטענדיג פֿול געווען מיט דײַנע שבחים. דאַדורך ווערט אָבער מײַן שולד נישט קלענער. נור איין געדאַנק טרייסט מיך יעצט—דער געדאַנק, אַז איך קאָן יעצט אַלץ ווידער גוט מאַכען. איך קאָן דיר היינט עפֿענען גלענצענדע אויסזיכטען. מען האַלט פֿאַר דיר גרייט אַ פֿירשטליכע קרוין. איך וויל דיר יעצט אין קורצען דערצעהלען מײַן פֿערגאַנגענהײַט, וועלכע האָט מיך געצוואונגען צו שיידען זיך פֿון דיר. איך מוז אָבער בעטען דיך נישט איבערצורײַסען מיך. מײַן געזונדהײַט איז שטאַרק אָנגעגריפֿען, און עס איז מיר אָהן דעם אויך גענוג שווער אויפֿצעוויקלען פֿאַר דיר די פֿערוועהמאַגטע בילדער פֿון דער פֿערגאַנגענהײַט. איך בין געבאָרען אין פּראָג, וואו מײַן פֿאָטער איז געווען אַן'אָנגעזעהענער רײַכער, יודישער באַנקיר...

ווי אַן'עלעקטריזירטער איז פּאול אויפֿגעשפּרונגען פֿון זײַן אָרט בײַ די דאָזיגע ווערטער.

— מאַמע!—האָט ער אויסגערופֿען—דו ביזט אַ יודישע טאָכטער?

— יאָ, אָבער איך בין נור געווען אַ יודינע. עס זיך נישט אָב דײַן האַרץ. קיין פֿלעק ליעגט נישט, חלילה, אויף דײַן געבורט און קיין פֿלעק וועט אויף דיר נישט בלײַבען. דו וועסט טראָגען אַ פֿירשטליכע קרוין, דען דו וועסט געהערען צו די פֿאָרנעהמסטע לײַט אין צוויי גרויסע לענדער. דאָך מוז איך דיך ווידער בעטען, מעהר מיך נישט איבערצורײַסען. מײַן פֿאָטער איז געווען אַ זעהר פֿרומער יוד, וועלכער האָט שטרענג אָבגעהיט די יודישע געבאָטען. אויך מיך האָט ער געוואָלט ערציהען אַלס פֿרומע יודינע, און דאָס וואָלט איהם אפֿשר געלונגען, ווען נור מײַן מוטער וואָלט נישט פֿריהצײַטיג געשטאָרבען. אַ גובערנאַנטקע, וועלכע מײַן פֿאָטער האָט גענומען צו מיר, האָט מיך ענטוויקעלט אַנדערש. די נאַטור האָט מיר געגעבען אַ שעענע זינג-שטימע און איך האָב לײַדענשאַפֿטליך געוואָלט אַרײַנטרעטען אין טעאַטער אַלס זינגערין. ווען מײַן פֿאָטער האָט זיך דערוואוסט דערפֿון, האָט ער בעזײַטיגט מײַן גובערנאַנטקע. איך האָב צוגעזאָגט צו פֿאָלגען איהם און האָב חתונה געהאַט פֿאַר מײַנעם אַ קוזין, וועלכער איז צוריקגעקומען פֿון די מזרח-לענדער, הײַנריך ווערטהיימער האָט ער געהייסען. און דאָס איז געווען דײַן פֿאָטער. איך האָב געליעבט מײַן מאַן—דײַן פֿאָטער—מיט'ן גאַנצען האַרצען. מײַן פֿאָטער איז געשטאָרבען באַלד נאָך אונזער חתונה. איך מײַן מאַן איז געשטאָרבען פֿאַר מײַנע אויגען

אויף אַ פֿערגעניגען-רייזע, וואָס מיר האָבען געמאַלט. אַ פּאָר מאָנאַט נאָכדעם בּיזטו מיר געבּוירען געוואָרען. מײַן פֿריהערדיגע גובערנאַנטקע האָט שוין יעצט ווידער געלעבּט בּײַ מיר, דען זי האָט מיך געוואָלט טרייסטען און אַלטוּנג געבען אויף מיר. זי האָט מיך איבּערגערעדט צו געהן קיין פּאַריז און ווידמענען זיך דאָרט דער אָפּערע. נאָכדעם ווי איך האָב דיך איבּערגעלאָזען בּײַ אַנ'אַנשטענדיגער משפּחה אין וויען, בּין איך מיט מײַן פֿריינדין אָבּגעפֿאָהרען קיין פּאַריז, וואו דער דירעקטאָר פֿון דער גרויסער אָפּערע האָט מיך אויפֿגענומען זעהר פֿריינדליך, שטאַרקענדיג מיך אין מײַן בּעשלוּס צו ווערען אַ זינגערין. איך בּין צום ערשטען מאָל אַרויסגעטראָטען אין נאָרמאַ און האָב געהאַט אַ גרויסען טריאומף, ווי דאָס קומט נור זעלטען פֿאָר. הײַנט, ווען מײַן שענהייט האָט שוין אָבּגעבליהט און עגמת-נפֿש און יסורים האָבען מײַן געשטאַלט אַלט געמאַכט און מײַן פּנים איז פֿול קנייטשען,—הײַנט מעג איך עס זאָגען אָפֿען, אַז איך בּין דאַמאָלס געווען אַ זעלטענע שענהייט און אויך דאָס האָט פֿיעל מיטגעווירקט בּײַ מײַן טריאומף. די פֿאָרנעהמסטע יונגעלײַט האָבען זיך אָנגעהויבען שדכ'ענען צו מיר. איך אָבער בּין געווען זעהר רײַך און האָב דעריבּער אָבּגעזאָגט אַלעמען, אַפֿילו נישט וועלענדיג אָננעהמען זייערע רײַכע מתּנות. דאָס האָט אָבער נאָך מעהר פֿערשטאַרקט מײַן חן בּײַ אַלעמען אין די אויגען, און אָט אַזוי איז עס געקומען, אַז די רײַכסטע יונגעלײַט האָבען דוקא געוואָלט מיך בּעקומען פֿאַר אַ פֿרוי. צווישען די דאָזיגע יונגע לײַט איז אויך געוועזען גראַף פֿערלעבּערג.

מען האָט מיך אָנגעהויבען אײַנלאַדען אין די רײַכסטע און שענסטע הײַזער, אַפֿילו בּײַם קייזערליכען הויף האָב איך געקאָנט ערשײַנען, אָבער נאָך אַלעמען בּין איך דאָך פֿאָרט געווען דאָרט נור אַ געדולדעטער גאַסט, נישט קיין גלײַכע צווישען גלײַכע; איך בּין געוועזען נור אַ זינגערין, נישט מעהר, נישט אַ גלײַכגעשטעלטע דאַמע. אין מײַן האַרצען האָט זיך דערוועקט די קנאָה. איך האָב געוואָלט גלײַך ווערען מיט די הערצאָגינען, פֿירשטינס און גרעפֿינס. מײַן פֿריהערדיגע גובערנאַנטקע האָט נאָך מעהר אויפֿגעבּלאָזען אין מיר די דאָזיגע קנאָה, און אין אָט דער צײַט האָט זיך אָנגעהויבען שדכנ'ען צו מיר דער איטאַליענישער פֿירשט גווידאָ מאָנטעוועגריאָ—אַ שענער קאַוואַליער פֿון זעהר אַנ'אַלטער יחוס-משפּחה, וועלכער איז דערצו נאָך געווען זעהר רײַך. דער דאָזיגער יונגערמאַן איז מיר געפֿעלען געוואָרען מעהר פֿאַר אַלע אַנדערע. איך האָב גערן געזעהן זײַן שדכנ'ען זיך צו מיר, אָבער איין מניעה איז דערבּײַ געווען. די דאָזיגע מניעה בּיזטו געוועזן... דער פֿירשט, וועלכער האָט נישט געוואוסט, אַז איך האָב אַ קינד, האָט זיך פֿיעל מאָל אַרויסגעזאָגט אין מײַן נעגענוואַרט, אַז ער שטעהט העכער פֿאַר אַלע פֿאָראורטהײַלען פֿון זײַן קלאַס און ער וואָלט זיך לײַכט ענטלאָסען חתונה צו האָבען מיט אַ שענער, רײַצענדער אַלמנה אַפֿילו, ווען זי זאָל געהערען צו דער ניעדעריגסטער קלאַס, אָבער ער וואָלט זיך קיינמאָל נישט בּעשלאָסען אָנצונעהמען אַ שטיעף-קינד פֿון ניעדעריגען שטאַנד. אויב אַלזאָ איך האָב געוואָלט חתונה האָבען פֿאַר'ן פֿירשט, האָב איך געמוזט האַלטען בּסוד, אַז איך האָב אַ קינד. וואָס האָב איך געזאָלט טהון?

די פֿירשטין האָט זיך אַבּיסעל [אָבּגעשטעלט.] קענטיג, אַז איהר איז שווער געווען צו רעדען ווײַטער. בּאַלד אָבער האָט זי ווידער אָנגעהויבען איהר ודוי פֿאַר איהר זוהן.

— איך האָב זיך נישט געקאָנט בּעשליסען צו פֿערלײַקענען, אַז איך האָב אַ זוהן.

באָטש בערנהאַרדינע האָט מיך דערצו אָנגערעדט מיט איהר גאַנצער קראַפט. איך האָב זיך גאָרנישט געקאָנט פאָרשטעלען, ווי־אַזוי איך וועל קאָנען גליקליך זיין אין מיין הויכען שטאַנד, ווען מיין זוהן וועט מוזען וואקסען צווישען נידעריגע לייט, צווישען פרעמדע מענשען, אָהן ליעבע פון אַ מוטער. און אָט איז ערשינען גראַף פערלעבערג גראָד, ווען איך האָב וועגען דעם גערעדט מיט בערנהאַרדינען. — „אַלזאָ — האָט ער ביי מיר געפרעגט—האָב איך שוין מעהר גאָר קיין אויסזיכט נישט, אַז איהר זאָלט מיינע אַ פרוי ווערען? טאָ פערגינט מיר לפחות דאָס גליק צו דערוואַיזען אייך אַ פריינדשאַפט. טרויט מיר אָן אייער זוהן. מיינע פערהעלטעניסען צווינגען מיך איינגיכען חתונה צו האָבען. ווי נור דאָס וועט פאָרקומען, וועל איך נעהמען צו זיך אייער זוהן פון ווין און ערציהען איהם אין מיין שלאָס, ווי אַן'אייגען קינד. קיינער, אויסער מיין קינפטיגער פרוי, וועט נישט וויסען, ווער ער איז; ער אַליין וועט וועגען דעם נישט וויסען; אַזוי־אַרום וועט אייער סוד בלייבען הייליג אַזוי לאַנג, ווי איהר אַליין וועט עס פערלאַנגען.“

— איך—האָט די פירשטין וויַיטער דערצעהלט נאָך אַ קורצער פויזע — האָב אָנגענומען דעם פאָרשלאַג פון מיין גרויסמוטיגען פריינד און בין געוואָרען די פרוי פונ'ם פירשט מאָנטעווערגריאָ.

— איך ווייס — האָט די פירשטין אָבגעזיפצט, — איך בין זיך בעגאַנגען שלעכט מיט דיר, אָבער איך האָב גענוג געליטען און בעצאָהלט דערפאַר. פון מיין צווייטער חתונה האָב איך געהאַט נור איין זוהן, דעם פרינץ גווידאָ, וועלכען ז״ל, מיין מאַן און פריינדין בערנהאַרדינע האָבען פשוט פערגעטערט. ער איז אָבער אויסגעוואַקסען אַ ווילד קינד; ער איז געוואָרען דער טיראַן פון אונזער אָנגעשטעלטע און, ווען ער איז אויסגעוואַקסען, איז ער געוואָרען אויך אונזער טיראַן. ער האָט אונז בעוואַשען מיט יסורים און חרפות; דורך איהם בין איך פאַר דער צייט גראָה און אַלט געוואָרען און מיין געשטאַלט האָט זיך געבויגען. אָבער גענוג וועגען איהם, ער איז שוין טויט.

די פירשטין איז אַנטשווינגען געוואָרען; זי האָט בעדעקט איהר פנים מיט ביידע הענד, וועהרענד פון טיעפען האַרצען האָט זיך ביי איהר אַרויסגעריסען אַ זיפץ. פאַול האָט זיך נישט דערוואוינען איבערצורייסען די שטילקייט.

— טויזענדער מאָל, אין שלאָפלאָזע, יאָמערפולע נעכט—האָט די פירשטין גערעדט וויַיטער, ווי פאַר זיך—האָב איך זיך געזאָגט, אַז מיך האָט געטראָפען אַ גערעכטע שטראָף דערפאַר, וואָס איך האָב זיך פון דיר, מיין קינד, אָבגעזאָגט. אויך בערנהאַרדינע האָט זיך געמאַכט פאָרוואורפען אָהן אויפהער, ביז זי איז אַראָב פון זינען. דער פירשט און איך—מיר האָבען עס נעשפירט, ווי אַנ'אויסלעזונג, ווען מיר האָבען דערהאַלטען די ידיעה, אַז אונ/ער אונגעראָטענער זוהן איז טויט. שוין דאַמאָלס איז אין מיר ענטשטאַנען דער געדאַנק מודה צו זיין זיך פאַר'ן פירשט, אַז איך האָב נאָך אַ זוהן און בעטען איהם, אַז ער זאָל דיך אַנערקענען פאַר זיין זוהן. גראַף פערלעבערג האָט מיר געשריבען וועגען דיר נור גוטס; אין יעדען בריעף זיינעם האָט ער איבער'גע'חזר'ט, אַז דו ביזט שען און פול חן מיט דיין גאַנצען העזען, רייך מיט דיין וויסענשאַפט, מיט אַנ'אידעלען כאַראַקטער, אַז דו ביזט הערליך ענטוויקעלט, גייסטיג און קערפערליך,—מיט איין וואָרט, אַז דו ביזט אַ פאָלקאָמער קאַוואַלער, וואָס קאָן זיין אַ ציערונג פאַר יעדער פירשטליכער משפחה. איך האָב

זיך אָבער געוואַקעלט. מיר איז פֿאָרגעקומען, אַז איך װעל זיך בעגעהן צו-עגאָאיסטיש, ווען איך זאָל בעטען דעם פֿירשט אָנצואָנערקענען דיך פֿאַר זײַן זוהן. אָבער אָט איז ערשינען אין שלאָס בײַ אונז אַן אַלטער בעקאַנטער, דער פֿירשט ריִמבאַך. ער האָט מיר ענטדעקט מערקווירדיגע זאַכען. זײַן בת-יהידה, די שענע פּרינצעסין מעלאַניע, האָט זיך פֿערליעבט אין פּאַול ווײַלאַנד, ס'הייסט אין דיר, אין דעם טײַערען זוהן, וועלכען איך האָב פֿערברעכעריש פֿערלייקענט...

— מאַמע!—האָט פּאַול אויסגערופֿען—וואָס דערצעהלסטו מיר? ווי איז דאָס מעגליך?

— שלאָג מיך נישט איבער, מײַן זוהן! מיר וועלען דערנאָך אַלץ אַרומריידען. לאָז מיך יעצט דערצעהלען אָקאָרשט ווײַטער. דער פֿירשט איז גרייט אָבצוגעבען זײַן בת-יחידה, די רײַכע פּרינצעסין מעלאַניע, צו וועלכער עס שדכנ'ען זיך פֿירשטען און גראַפֿען, דעם זוהן פֿון אַ יודינע, דעם אַלס יודען געבוירענעם היינריך ווערטהיימער, וועלכער רופֿט זיך היינט פּאַול ווײַלאַנד. די דאָזיגע מיטטיילונג האָט מיך איבעררַאשט און ערפֿרעהט אין העכסטען גראַד. יעצט ווייסטו, מײַן זוהן, שוין נישט ערשײַנען אַלס מענש פֿון נידעריגער אָבשטאַמונג, נאָר אַלס איידעם און יורש פֿונ'ם פֿירשט ריִמבאַך, וואָס זײַן טאָכטער האָט דאָס רעכט חתונה צו האָבען פֿאַר אַ קעניג. איך האָב דעם פֿירשט געבעטען, אַז ער זאָל ענטדעקען מײַן מאַן, אַז איך האָב אַ זוהן און ריידען מיט איהם וועגען מײַן פּלאַן, דאָס ער זאָל דיך אַנערקענען פֿאַר זײַנעם אַ זוהן. די דאָזיגע ידיעה האָט מײַן מאַן נישט איבעררַאשט, ווײַל ער האָט שוין פֿריהער געהערט דערצעהלען, אַז גראַף פֿערלעבערג ערציהט אַ יונגענמאַן, וועלכער איז זעהר עהרליך צו מיר. דער פֿירשט האָט דעריבער אַליין זיך גענומען נאָכפֿרעגען און האָט זיך דערוואוסט, אַז איך האָב געהאַט אַ זוהן פֿון מײַן ערשטען מאַן. מײַן מאַן האָט אַפֿילו אויך געמאַכט איינמאָל עקסטרא אַ רײַזע קיין דײַטשלאַנד און געמאַכט אַ וויזיט דעם גראַף פֿערלעבערג אין זײַן שלאָס, וואו ער האָט דיך געזעהען. אָבער מײַן מאַן האָט מיט מיר וועגען דעם קיינמאָל קיין וואָרט נישט גערעדט—און ווײַל דו ביזט שוין דאַמאָלס זעהר געפֿעהלען געוואָרען מײַן מאַן, האָט יעצט פֿירשט ריִמבאַך לײַכט גע'פּועל'ט בײַ מײַן מאַן אָנצוערקענען דיך פֿאַר זײַן זוהן און ער איז גרייט צו בעטען אַנ'ערלויבניש בײַם איטאַליענישען קעניג, אַז מען זאָל דיר איבערגעבען אַלע טיטולען און רעכטן פֿון אַ פֿירשט פֿון מאָנטעוועגריאָ. צוליעב דעם וואָס, מײַן מאַן איז אַ גרויסער מקורב למלכות, איז קיין ספק נישט, אַז זײַן ביטע וועט ערפֿילט ווערען. אַזוי-אַרום האָב איך יעצט די בעפֿריעדיגונג צו זעהען, ווי איך האָב דערלעבט די צײַט, ווען איך קאָן בעסער מאַכען אַלץ, וואָס איך האָב געזינדיגט, דען איך וועל דיך מאַכען פֿאַר אַ טרעגער פֿון צוויי גרויסע און מעכטיגע פֿירשטליכע הײַזער. נור איין „קלייניגקייט" וועט מען נאָך דאַרפֿען דורכמאַכען. לויט ווי עס דערצעהלט פֿירשט ריִמבאַך, ביזטו נאָך אינגאַנצען אַ יוד, דען גראַף פֿערלעבערג האָט דיך נישט געטויפֿט. ווײַל אָבער דו ביזט ערצויגען געוואָרען אַלס קריסט, האַנדעלט זיך דאָך דאָ נור וועגען אַ „פֿאָרמאַליטעט". דו קאָנסט זיך טויפֿען, ווי דו ווילסט: צי קאַטוילי‌ש, ווי פֿירשט מאָנטעוועגריאָ, אָדער לוטעריש, ווי פֿירשט ריִמבאַך.

— מאַמע!...—האָט פּאַול אויסגערופֿען.

— דו קאָנסט זיך נאָך איבערלעגען די זאַך, מײַן זוהן! איך פֿיהל מיך מיעד או

אנגעגריפען. איך מוז דיך דעריבער בעטען מיך יעצט צו פערלאזען. אויף ווידערזעהען, מארגען, מיין זוהן! ס'איז די ערשטע שעה פון גליק, וואס איך האב שוין יאהרען-לאנג נישט געהאט.

---

## 21. דער אינערליכער קאמף פון א יודישער נשמה.

פאול, אדער ריכטיגער, היינריך, ווי מיר ווערען איהם שוין פון יעצט אן רופען, האט פערבראכט א שלאפלאזע נאכט. דער נעכטיגער אווענד האט געבראכט אויף איהם צו-פיעל שטורמס מיט אמאל. ער איז אויפגעשטאנען גאנץ פריה, כדי דורכצוגעהן זיך און בערוהיגען זיך אויף דער פרישער לופט. די שטאדט איז נאך געווען איינגעהילט אין נעבעל. די הויכע טהורמס און שפיצען פון די פאלאצען זענען שוין אבער געווען פערגאלדעט פון די ערשטע שטראהלען פון דער אויפגעהענדער זוהן. מחנות שוואלבען זענען ארומגעפלויגען אין דער קיהלער לופט אין דער הויך; דער סאלאוויי איז ארויסגעפלויגען פון א גרופע איילבירטען און האט אנגעהויבען קנאקען מיט זיין הילכיגער שטימע, פערשווינגען ווערענדיג פלוצלונג און ווידער אנהויבענדיג זינגען אלץ העכער, זיסער און פולער, אלץ טיעפער אין דער נשמה אריין.

היינריך ווערטהיימער איז ארויס פון שטאדט אין פעלד אריין. דער וועג איז געווארען אלץ ברייטער און גרעסער; פאר איהם האט זיך געצויגען א פרוכטבארע געגענד מיט בליהענדע פעלדער און אונצעהליגע וועלדער. אט איז ער געקומען צו אן אלעע פון ציפרעסען; די אלע האט זיך געשלענגעלט בארג-ארויף, בארג-אראב, די גרויסארטיגע בוימער האבען דערהויבען זייערע פייכטע שפיצען אין בלויען הימעל אריין; צווישען די ארומיגע מירטען-קוסטעס האבען זיך געזעהען מארמארנע בילדער, וועלכע האבען ווי בעגריסט דעם וואנדערער מיט א ליעבליכען פריה-מארגען, ווערענד אין דער ניעדער אין טהאל האט זיך געשומעט א וואסער'ל, וואס האט זיך געצויגען פון ערגעץ-וואו פון א קוואל-ארויס, בעפייכטענדיג די בלומען אויף דער בליהענדער לאנקע און די געוויקסען אין די גערטנער ארום. היינריך איז געגאנגען ווייטער. פאר איהם האט זיך אויסגעשפרייט אן אזיערקע, וואס אויף איהר אין-דער מיט איז געלעגען א קליין אינזעלע, בעדעקט מיט פאמעראנצען-און אלעאנדער-בוימער. ס'איז א וואונדער-שענע געגענד, פול מיט א מילדער, באלזאמישער לופט! א גליקליכע שטימונג האט זיך אראבגעלאזען אויף היינריכ'ען, זיין מיעדע נשמה האט זיך אנגעהויבען בערוהיגען.

היינריך האט זיך געזעצט אויף א שטיינערנע באנק אין שאטען פון די מאנדעל-און מוילבער-בוימער. יעצט האט ער ענדליך געקאנט רוהיג איבערקלערען, וואס דער נעכטיגער אבענד האט איהם געבראכט. קודם-כל האט איהם דער אבענד געגעבען א מוטער, נאך וועלכער ער האט אזוי לאנג געבענקט. אה, ווי גאר אנדערש האט איהם זיין פאנטאזיע געשילדערט אט די מוטער! אין אלע זיינע חלומות האט ער זי געזעהען, ווי א ליידענדע, א פערלאזענע, וועלכע מען האט בעליידיגט און געמהון אומרעכט! און אט איז די מוטער ארויסגעטראטען פאר איהם אלס פירשטין, וועלכע האט זיך דערהויבען ביז דער העכסטער מדרגה פון דער מענשליכער געזעלשאפט! אבער וואס פאר א פרייז האט זי דערפאר בע-

צאָהלט! זי האָט איבערגעריסען מיט אַלץ, וואָס איז טייער דעם מענשען אויף דער ערד. זי האָט פערגעסען אָן איהר פערשטאָרבענעם שענעם פאָטער, אָן דעם געליעבטען מאַן, אָן דער רעליגיע פון איהרע עלטערן, אָן איהר אייגען קינד, וועלכען זי האָט אונטער איהר הארצען געטראָגען,—אַלץ האָט זי אָבגעלייקענט, פערוואָרפען און פערשפּאָטעט; איהר איינציג קינד האָט זי אָנגעטרויט אַ פרעמדען, נישט געוואַלט אַליין איבער זיין צאַרטער יוגענד, איבער דער אויסבילדונג פון זיין גייסט און כאַראַקטער! אָה, ס'איז אַן'אומנאַטירליכע מוטער! און היינט—צי איז זי דען אויסגעלייטערט געוואָרען דורך די יסורים? היינט, ווען זי וויל ווידער גוט מאַכען, וואָס זי האָט פערבראָכען אָן איהר קינד—צי האָט זי היינט אַנדערע כאַטייען, ווי עגאָאיזם און תאוה צו כבוד? נור צוליעב עגאָאיזם און תאוה צו כבוד, האָט זי געשטרעבט צו ווערען די פרוי פון אַ פירשט און נור צוליעב דעם דאָ זי היינט ווידער געדופען צי זיך איהר זוהן, אָן וועלכען זי האָט אַזוי לאַנג געהאַט פערגעסען; נור צוליעב צו קאָנען זיך ריהמען, אַז זי האָט אַ זוהן, וועלכער טראָגט צוויי פירשטליכע קרוינען...

היינריך איז אויפגעשפרונגען פון אָרט. וואָס פאַר אַ רייה שלעכטע געדאַנקען האָבען זיך אַריינגעכאַפּט צו איהם אין הארצען! צי דאַרף ער, דער זוהן, משפּט'ן די מוטער, וועלכע האָט איהם געבוירען?

היינריך האָט זיך געלאָזען געהן ווייטער און איז געקומען אויף אַ בית החיים. וואָס פאַר אַ שטילקייט דאָרט הערשט אַרום! די גלענצענדע מאַרמאָרנע מצבות מיט פערגאָלדעטע אותיות, די געדיכטע, טונקעלע גרופּעס ציפּרעסען... אָט געהט אַ לויה. מען זינגט אַ טרויעריג ליעד, מען טראָגט אַ מטה, מענשען בעגלייטען זי מיט טרויעריגע פּנים'ער, הארץ-רייסענדע זיפצען און אַ שווערע כליפּעניש הערט זיך אַרום... היינריך האָט זיך צוגעאיילט צו פערבייגעהן וואָס-גיכער. צי איז עס נישט אַ אצבע אלקים, וואָס האָט איהם אָנגעוויזען דעם סוף פון'ם מענשען דוקא אין אויגענבליק, ווען פאַר איהם האָט זיך געעפענט דאָס העכסטע לעבענס-גליק?... ער האָט זיך געלאָזען געשווינד געהן ווייטער און אָט איז ער געקומען צו אַ לוסט-שלאָס, וואָס אַ גרויסער קינסטלער האָט פערצייטען געהאַט אויסגעבויט פאַר אַ רייכען העררען. דער פּרעכטיגער פּאַלאַץ ליעגט אויף אַ בערגעל פון איילבירטען, בעגאָסען מיט'ן גאָלדענעם זונען-שיין. אַרום אַ שטילען צוויי-שטאָקיגען הויף, וואָס איז אַרומגערינגעלט מיט פּראַכטפולע אַלעען פון סלופּעס, געפינט-זיך אַ קירכע און פיעל אַנדערע געביידעס.

קוקענדיג אויף די דאָזיגע געביידעס, האָט היינריך זיך דערמאָהנט וועגען דער גליקליכער צייט פון איטאַליען, ווען ס'האָבען אין איהר געלעבט קינסטלער און דענקער, ווי, למשל, גראַף פּיקאָ דער מיראַנדאָלאַ, וועלכער איז געווען איינער פון די געלעהרטעסטע מענשען פון זיין צייט. גראַף פּיקאָ איז געווען אַ גרויסער קענער פון דער יודישער רעליגיע און האָט געהאַט אַ טיעפע ידיעה אין קבלה, וועלכע ער פלעגט אָנרופען „דער גרעסטער ברודער פון אַלע וויסענשאַפטען" און אָט האָט זיך היינריך דערמאָהנט גראַף פּיקאָ'ס ווערטער: „דער אויבערשטער האָט בעשאַפען דעם מענשען, כדי ער זאָל אָנערקענען זיינע געזעצען און בעוואונדערן זיין ליעבשאַפט און גוטסקייט. דער אויבערשטער האָט דעריבער נישט צוגעבונדען דעם מענשען צו אַוועלכען-ס'איז בעשטימטען אָרט, נאָר ער האָט איהם

געגעבען בעוועגליכקייט און אַ פֿרייען ווילען. „אין מיט'ן פֿון דער וועלט — האָט דער אויבערשטער געזאָגט צו אָדם הראשון — האָב איך דיך געשטעלט, כּדי אַז דו זאָלסט לייכטער זעהען אַלץ אַרום זיך און וויסען, וואָס אין דער וועלט איז פֿאַרהאַן. איך האָב דיך בּעשאַפֿען אַלס וועזען, האַלב חיה, האַלב מלאך, נישט שטערבּליך, נישט אונשטערבּליך, כּדי דו זאָלסט זיין אַליין דיין אייגענער בעל-הבית, דו זאָלסט קאָנען זיך דורכאַרבּייטען און זיך מנצח זיין, — דו קאָנסט פֿערגרעבּט ווערען, ווי אַ ווילדע חיה, אָבּער דו קאָנסט אויך דערהויבּען זיך בּיז דער מדרגה פֿון אַ מלאך. די חיות ווערען געבּאָרען גלייך מיט אַלעם דעם, וואָס וועט זיי דיענען שפּעטער אין לעבען; דער מענש אָבער איז בּיי דער געבּורט נאָך אַ האַלב בּעשעפֿעניש, און אַלץ, וואָס ער האָט שפּעטער, מוז ער אַליין פֿון זיך אויסאַרבּייטען. דו אַליין מוזט זיך ענטוויקלען, מוזט וואַקסען לויט דעם פֿרייען ווילען. דו האָסט אין זיך קערנער פֿון אַלערליי לעבענס-שפּראָצונגען".

די דאָזיגע ווערטער פֿונ'ם גרויסען דענקער האָבען געמאַכט אויף היינריכ'ן אַזאַ גרויסען איינדרוק, ווען ער האָט זיי געלעזען נאָך בּשעת ער איז געווען סטודענט אין אוניווערזיטעט, אַז ער האָט זיי דאַמאָלס אויסגעלערנט אויסווייניג. שפּעטער, ווען ער האָט זיך אָנגעהויבּען אָבּגעבּען מיט יודען און דעם יודענטום, האָט ער אָנערקענט, אַז דאָס זענען אייגענטליך יודישע געדאַנקען. אויך יעצט האָבען די דאָזיגע געדאַנקען אַרומגענומען איהם מיט אַ גוואַלטיגער קראַפֿט. פֿון איהם אַליין איז אַלזאָ אָבּהענגיג געווען די ענטוויקלונג פֿון זיין קינפֿטיגען לעבען. „דו אַליין—האָט ער געזאָגט צו זיך—דאַרפֿסט זיך ענטוויקלען לויט דיין פֿרייען ווילען; דו האָסט אין זיך קערנער פֿון יעדען אופֿן לעבען." נאָך מיט אַ פּאָר וואָכען צוריק איז היינריך געווען ענטשלאָסען מגייר צו זיין זיך און לאָזען אַך מל'ה-זיין. ער האָט געוואָלט התונה האָבען מיט אַ יודיש מיידעל, וועלכע האָט זיך נישט אויסגעצייכענט דורך איהר שענהייט אָדער דורך אַ הויכער בּילדונג, נאָר דורך איהרע מדות טובות און יודישען הן. פֿון איהרטוועגען האָט ער געוואָלט ווערען אַ יוד און האָט זיך געפֿיהלט אונגליקליך, ווען דער רב אין דער שטאָדט אויפ'ן רהיין האָט זיך אָבּגעזאָגט מגייר צו זיין איהם. און יעצט? יעצט האָט ער זיך דערוואוסט, אַז ער איז געבּאָרען געוואָרען פֿון יודישע עלטערן אויף אַ כּשר'ן אופֿן און איז אַ נמול און נישט קיין געטויפֿטער; ער בּרויכט אַלזאָ נאָר נישט מגייר זיין זיך, דען ער איז אַ יוד. אָבּער מיט עטליכע טעג צוריק האָט ער גאָרנישט נעבּרויכט בּרענגען קיין קרבּנות, כּדי צו ווערען אַ יוד, יעצט אָבּער—וואָס פֿאַר גלענצענדע אויסזיכטען עפֿענען זיך פֿאַר איהם! ווען ער איז נאָך געווען פּאַול ווילאַנד, האָט ער שטענדיג געשפּירט מיט וועהטאָג אין גימנאַזיום און שפּעטער אויך אין אוניווערזיטעט, אַז די חברים זענען נור סובל זיין געגענוואַרט, אָבּער זיי בּעטראַכטען איהם נישט אַלס זייער גלייכען. יעצט קאָן ער קומען צוריק אַהיים קיין דייטשלאַנד אַלס פּירשט פֿאָן מאָנטעוועגריאָ, און אַלס קינפֿטיגער איידעם פֿון פּירשט רימבּאַך! היינט ווידער, וואָס פֿאַר אַ גליק צו האָבען די פּרינצעסין מעלאַניע פֿאַר אַ פֿרוי! צי עס דן נעשט חולדה וואָלף בּלייבּען שטעהן אין שאָטען אין פֿערגלייך מיט איהרע עלטען, זעלטען, וואו מען קאָן געפֿינען אַ שענערע, קלינערע, מעהר מילדע ערשיינונג, ווי די רייכע יורש'טע פֿונ'ם רייכען פּירשט רימבּאַך! פּאַול ווילאַנד וואָלט קיינמאָל נאָרנישט ערלויבּט זיך אַזוי הויך אויפֿצוהויבּען די אויגען. צי האָט מען דען נישט אין אַלגעמיין

קְרוואַרטעט, אַז אַ רענירענדער פּרינץ פון קענינגלייכען הויז וועט זיך שלאָגען צו בעלאַגערען? און אָט וואָל ער, דער זוהן פון יודישען עלטערן, וועלכער האָט ביז יעצט אַפִילו צווישען די מיטעלע ערעל-לייט זיך נישט גענקאָנט שפּירען אַלס גלייכבערעכטיגטער חבר—ער וואָל עס יעצט ווערען דער חתן פון דער פּירשטין! צי וואָל ער דען אָבזאָגען זיך פון אַזאַ גליקן—ער האָט שוין שיער נעהאַט זיך ענטשלאָסען איינצושטימען אויף זיין מוטער׳ס פּלענער, ווען ער האָט זיך בלוצלונג דערמאָהנט אָן איהר ליכטיגינגער פּראַגע, צי וואָל ער זיך טויפען קאַטויליש אָדער פּראָטעסטאַנטיש? אָה,—האָט ער זיך פּלוצלונג אַ לאַפּ געטהון, ווי פון אַ טיעפען חלום—ווי אַזוי קאָן מען פערגלייכען די העכסטע איבינגע גייער מיט די ניטער פון דער ערד? ,ווען דער איבערשטער האָט מיט פיעל טויזענד יאָהר צוריק געריפען אברהם׳ן צו זיך און איהם געגעבען די העכסטע ברכה, אַז ער וואָל אַליין ווערען אַ ברכה פאַר דער גאַנצער מענשהייט, האָט ער איהם צוגעזאָגט, אַז זיינע יורשים וועלען נישט דערגרייכען קיין מאַכט, כבוד און עשירות, נאָר זיי וועלען דיענען אַלס פריעסטער מענשען אין אַ לאַנד, וואָס געהערט זיי נישט״.—זיי אָפט האָט פאַול זיילאַנד בעוואונדערט די גרויסע מסירות נפש פון יודישען פאָלק און זיך געוואונשען צו געהערען צו אָט דעם פאָלק! און יעצט, ווען ער האָט זיך דערוואוסט, דאָס ער געהערט צום דאָזיגען פאָלק לויט זיין געבורט, זאָל ער, היינריך ווערטהיימער, נישט געפינען אין זיך קיין קראַפט צו בלייבען אַ יוד, אָבזאָגענדיג זיך פונ׳ם אייביגען גליק? כדי צו בעקומען צוויי פירשטליכע קרוינען, זאָל ער אַ משומד ווערען, זאָל ער זיך אָבזאָגען פונ׳ם גליק צו געהערען צו די בני אברהם, יצחק ויעקב! זאָל ער אויפהערען ליעבען דעם איבערשטען מיט׳ן גאַנצען האַרצען און זיין גאַנצען פערמעגען?

היינריך האָט זיך געלאָזט געהן צוריק אַהיים. ער האָט דעם פאָריגען טאָג גאָר־נישט געגעסען און איז געווען הונגעריג, אָבער יעצט, זינט ער האָט זיך דערוואוסט, דאָס ער איז אַ יוד, האָט ער געפיהלט, אַז זיין פליכט איז אָבצוהיטען די יודישע מצות און עסען נור כשר. ער האָט דעריבער, קומענדיג אין שטאָדט, זיך געלאָזען זוכען אַ יודישע כשר׳ה גאָרקיך צו עסען דאָרט מיטאָג.

## 22. אַ געטרייע עצה אין שווערען קאַמף.

היינריך האָט נור־וואָס אָבגעגעסען און האָט שוין געוואָלט אוועקגעהן, ווען צו איהם איז צוגעגאַנגען אַ העֶרר, וועלכער האָט איהם די גאַנצע צייט בעאָבאַכטעט. דאָס איז געווען אַ מאַן פון מיטעלע יאָהרען מיט אַ אינטעליגענטען געזיכט און אַ שוואַרצער באָרד, און וועלכער ס׳האָבען זיך געזעהען עטליכע גראָהע האָהר.

— ענטשולדיגט, מיין העֶרר, — האָט ער געזאָגט צו היינריך׳ן—וואָס איך ערלויב זיך פאָרצושטעלען פאַר אייך. איך הייס ד״ר אַלטשילער און בין רב אין אַ שטאָדט אין בעהמען. די דאָקטוירים האָבען מיך געשיקט קיין איטאַליען, צוליעב מיין שוואַכער געזונד־הייט, און זיי האָבען מיר פערבאָטען וועהר שטרענג יעדע אָנגעשטרענגטע טעטיגקייט. מיר שיינט, אַז איהר זענט אַ רייטש, מעגליך גאָר, מיינער אַ לאַנדסמאַן פון בעהמען, איהר וועט דעריבער ענטשולדיגען מיין פערלאַנג מיט אייך זי בעקוקען זיך.

— איך פיהל זיך זעהר גערעהרט דורך אייער פערלאנג—האט היינריך געענטפערט,— אבער איך בין אין פערלעגענהייט, ווי אזוי איך זאל זיך פארשטעלען פאר אייך, דען ביז יעצט האב איך זיך געהאלטען פאר א האלשטיינער און געמיינט, דאס איך הייס פאול ווײַלאנר.

— איך האב גערעכענט, אז איהר שטאמט פון בעהמען, און האב זיך משער גע־ווען, דאס מען רופט אייך ווערטהיימער.

פאול האט א קוק געטהון איבערראשט אויפ'ן ד"ר אלטשילער.

— פארוואס זענט איהר זיך אזוי משער?—האט ער געפרעגט.

— איך האב געקענט א יונגע דאמע, וועלכע האט געהייסען יאזעפינע ווערטהיימער און האט חתונה געהאט מיט איהרס א קוזין הענאך—היינריך ווערטהיימער. דער יונגערמאן איז אומגעקומען אויף אנ'אונגליקליכען אופן אויף א פערגעניגען-רייזע נאך זיין חתונה און, ווי איך האב געהערט, האט זיין יונגע אלמנה, יאזעפינא, געבוירען א זוהן באלד נאך זיין טויט. איהר, מיין הערר, זענט וואונדערליך ähנליך צו יאזעפינע ווערטהיימער און דעריבער האב איך זיך משער געווען, אז איהר זענט עס איהר זוהן.

— אייערע מיטטהיילונגען—האט היינריך געזאגט—אינטערעסירען מיך אויפ'ן העכסטען אופן. צי דארף איך אייך בעטען צו געהן מיט מיר אין מיין האטעל?

ד"ר אלטשילער האט גערן איינגעשטימט, און באלד זענען זיי ביידע געזעסען אויפ'ן באלקאן אין ה. נר. כ'ם צימער, וואוהין א דיענער האט זיי דערלאנגט קאקאא.

— הערר ד"ר! — האט היינריך אנגעהויבען — אייער השערה איז ריכטיג. איך בין דער זוהן פון הענאך און יאזעפינע ווערטהיימער, אבער דערוואוסט האב איך זיך דערפון ערשט נעכטען.

— וואס איז געווארען מיט אייער מוטער? צי לעבט זי נאך?

— זי לעבט און געפינט זיך דא, אין האטעל.

— געהערט זי נאך יעצט אויך צום טעאטער?

— שוין פיעל יאהר, ווי זי האט דאס טעאטער פערלאזען. פיעל קאן איך אייך װעגען מיין מוטער נישט דערצעהלען, ווייל איך האב ערשט נעכטען בעקענט זיך מיט איהר.

— און וואו זענט איהר ערצויגען געווארען?

— אין שלאס פון גראף פערלעבערג.

— ווי אזוי אבער האט איהר דארט געקאנט בעקומען א יודישע ערציהונג?

— איך האב זיך ערשט נעכטען דערוואוסט, אז איך בין א יוד און בין היינט צום ערשטען מאל אין מיין לעבען געקומען עסען כשר'ס אין א יודישער קיך. איך איהר וואלט מיך פרעגען, צי זענען מיר געפעלען די יודישע מאכלים, וואלט איך אייך נישט געקאנט ענטפערן, ווייל צוליעב דער נייער לאגע, אין וועלכער איך געפין זיך, בין איך געוואלטיג אויפגערעגט. מעגליך, אז דער אויבערשטער אליין האט אייך געשיקט צו מיר, כדי צו גע־בען מיר אנ'עצה. דאך דערצעהלט מיר עפעס-וואס וועגען מיינע עלטערן, דען פון מיין מוטער ווייס איך זעהר ווייניג און וועגען מיין פאטער—גארנישט.

— אייער מוטער—האט ד"ר אלטשילער אנגעהויבען—איז געווען די בערימטעסטע

יפת-תואר אין פראג און מעגליך אין גאנץ בעהמען. אייער פערשטארבענער זיידע, יוסף ווערטהיימער, איז געוועזען אַן'עהרליכער, פרומער יוד, אַ דייכער מענש, געאַכטעט און גליעבט דורך אַלע זיינע מיטבירגער. צו זיין שרעק האָט ער איינמאָל בעמערקט, אז זיין בת-יחידה סאָט, פערפיהרט דורך איהר גובערנאַנטקע, זיך בעשלאָסען אַריינצוטרעטען אין טעאַטער הלא זינגערין. איך האָב דאַמאָלס נור-וואָס געהאַט געענדיגט מיין שטודיום און בין איינגעלאַדען געוואָרען דורך אייער זיידען צו געבען אַ לעקציע אין העברעאיש און אין רעליגיע זיין טאָכטער. שפעטער האָט די דאָזיגע טאָכטער חתונה געהאַט פאַר איהרס אַ קוזין, העניאך ווערטהיימער, אַ שענעם כאַראַקטער-פולען יונגענמאַן, וועלכער האָט לאַנג געלעבט אין די מזרח-לענדער. לערך אַ יאָהר שפעטער האָב איך געהערט, אז אייער פאָטער איז פלוצלונג געשטאָרבען דורך אַן'אונגליקליכען צופאַל און אייער מוטער האָט דערנאָך געהאַט אַ קינד. נאָך שפעטער האָב איך זיך דערוואוסט, אַז די אַלמנה פון העניאך ווערטהיימער האָט דעביוטירט אין פאַריז אַלס פרימאַדאָנאַ און געהאַט אַ פאָלקאָמען טריאומף, זינט יענער צייט האָב איך וועגען איהר מעהר נישט געהערט.

— וואָס ווייטער איז געוועזען—האָט היינריך געזאָגט—קאָן איך אייך דערצעהלען. מיין מוטער האָט אויסגעקליבען פון די פיעל פערעהרער, וועלכע האָבען זי אַרומגערינגעלט, אַ איטאַליענישען פירשט, וועלכער האָט געוואָלט מיט איהר חתונה האָבען. דער פירשט האָט אָבער נישט געוואוסט, אַז זי האָט געהאַט אַ קינד און ער וואָלט זיך אויך קיינמאָל נישט ענטשלאָסען צו נעהמען צו זיך אַ שטיעף-זוהן. מיין מוטער האָט מיך דעריבער איבערגעגעבען איהר'ס אַ פריינד, דעם גראַף פערלעבערג פון האָלשטיין, וועלכער איז דאַמאָלס געוועזען אין פאַריז, און געבעטען איהם, אַז ער זאָל מיך ערציהען. יעצט האָבען די בעציהונגען זיך געענדערט. דער איינציגער זוהן, וואָס מיין מוטער האָט געבוירען דעם פירשט, איז געשטאָרבען, און איך האָב אונבעוואוסטערהייד נושא-חן געוועזען אין בערלין ביי דער בת-יחידה פון'ם רייכען פירשט רימבאַך. נאָכדעם ווי דער לעצטער האָט זיך דערוואוסט, ווער איך בין, איז ער געקומען אַהער קיין איטאַליען און געפועל'ט ביי מיין שטיעף-פאָטער, פירשט מאָנטעוועגריאַ, אַז ער זאָל מיך אַנערקענען פאַר זיינעם אַ זוהן. וועגען אַלעם דעם האָב איך זיך דערוואוסט ערשט נעכטען אין אָווענד. יעצט שטעהען מיר פאַר אַלזאָ צוויי פירשטענטימער, אַ קעניגליך פערמעגען און אַ יונגע כלה, וועלכע איז איינע פון די שענסטע אין בערלין. מען דאַרף אָבער דערצו נור נאָך איין „קלייניגקייט”, ווי מיין מוטער רופט עס אָן: איך דאַרף זיך שמד'ן, נאָכדעם ווי איך האָב שוין דערהאַלטען אַ קריסטליכע ערציהונג.

— און וואָס זאָגט איהר דערצו?

— ווען דער דאָזיגער פאָרשלאַג וואָלט מיר געמאַכט געוואָרען מיט אַ פאָר מאָנאַט צוריק, וואָלט איך קיין איינציגע מינוט זיך נישט מישב געוועזען און וואָלט ערפילט דעם פערלאַנג פון מיין מוטער, ווייל איך האָב דאַמאָלס נאָך נישט געקענט נישט די יודען, נישט דאָס יודענטום. דעם אויבערשטענס השגחה האָט אָבער געמאַכט אַנדערש: איך האָב זיך בעקענט דורך אַ בעזונדערער געשעהעניש מיט יודען און מיט'ן יודענטום. איך ווייס נישט, צי איז עס געוועזען דאָס בלוט, וואָס פליעסט אין מיינע אָדערן, צי די נטיה, וואָס איך האָב בעקומען צו אַ יודישע טאָכטער—ס'איז די טאָכטער פון אַן'אָרימער אַלמנה און די שוועס-

מער פון אַנ׳אָנגעשטעלטען אין אַ געשעפט—קורץ, איך האָב דערשפירט זיך שטאַרק צוגע-צויגען צו דער יודישער רעליגיע און האָב שוין געהאַלטען ביים מגייר זיין זיך. אַרב אין דייטשלאַנד. צו וועלכען איך האָב זיך געווענדעט מיט אַ ביטע מכח דעם, האָט מיר אָפּ-געזאָגט דערין, ווייל ער איז חושד, אַז מיין נטיה צום יודענטום שטאַמט נישט פון מיין איבערצייגונג, נאָר פון מיין ליעבשאַפט צו דער יודישער טאָכטער. מיין נטיה צום יודענ-טום איז אָבער געווען אַזוי שטאַרק, אַז איך בין שוין געווען בעשלאָסען אָבצוזאָגען זיך אויך פון מיין ליעבשאַפט צו דער יודישער טאָכטער, אַבי נור צו קאָנען ווערען אַ יוד.

און אָט האָב איך פּלוצלונג דערהאַלטען אַ טעלעגראַמע פון מיין ערציהער, דעם גראַף פערלענבערג, וועלכער האָט מיר בעפוילען צו קומען תיכף אהער, קיין איטאַליען, און דאָ האָב איך, צו מיין גרויסער איבעראַשונג, זיך דערוואוסט, אַז איך בין אַ יוד און מען האָט מיך קיינמאָל נישט געטויפט.

מיר שטעלט מען פאָר די גלענצענדסטע אויסזיכטען, וועלכע קאָנען נור בעצויבער אַ מענשליך האַרץ! איך קום זיך אַליין פאָר, ווי דער פרינץ פון דער בבא-מעשה, וועלכער האָט פּלוצלונג געדאַרפט דערהויבען ווערען פון דער נידעריגקייט ביז דער העכסטער מדרגה... אָבער אַ קרבן פערלאַנגט מען פון מיר, און די, וואָס פערלאַנגען עס, מיינען בכלל נישט, אַז דאָס איז אַ קרבן. נעכטען אין אָוענד האָב איך זיך בעקענט מיט מיין מוטער. היינט דאַרף איך זיך ווידער זעהן מיט איהר. זי צווייפעלט נישט אַ האָהר, אַז איך שעץ זיך העכסט-גליקליך מיט די גלענצענדע אויסזיכטען, וואָס שטעלען זיך מיר פאָר. היינט אַ גאַנ-צען פריהמאָרגען האָב איך אַרומגעוואַנדערט אין די בערג און געקעמפט מיט זיך זעלבסט. מיין ערציהונג איז געווען אַזעלכע, אַז איך האָב ביז אַ פּאָר מאָנאַט צוריק געהאַלטען די רעליגיע נור פאַר אַנ׳אויסערליכע פאָרם. ערשט אין דער לעצטער צייט האָב איך זיך בעקענט מיט׳ן יודענטום און מיט זיין געשיכטע, און מיין אָנשויאונג אין דער הינזיכט האָט זיך גרינדליך געענדערט. אָבער זינט נעכטען אָוענד פיהל איך, אַז מיין איבערצייגונג איז נאָך נישט גענוג פעסט אין מיר, כדי צו קאָנען אָבזאָגען זיך פון יענע גלענצענדע אויס-זיכטען, אויך מיין ליעבע צו דער יודישער טאָכטער איז נישט אַזוי שטאַרק, אַז איך זאָל זיך נישט קאָנען פון איהר אָבריסען. ווען איך פערגלייך דאָס איינפאַכע יודישע מיידעל מיט דער יונגער פרינצעסען מעלאַניע פערשווינדעט די יודישע טאָכטער פאָלקאָם. איך קאָן אָהן מיה און אָהן אָנשטרענגונג בעקומען דאָס, צו וואָס טויזענדער, פיעל העכער פאַר מיר שטעהענדע, שטרעבען מיט אַלע זייערע קרעפטען אומזיסט, נישט קאָנענדיג דאָס דערגרייכען.

היינריך איז פערשווינדען געוואָרען און האָט זיך טיעף פערטראַכט. אויך ד״ר אַלט-שילער האָט קיין וואָרט נישט גערעדט. דאָך איז ער געווען דורכגעדרונגען מיט׳ן געדאַנק צו פערשטאַרקען דעם יונגענמאַן אין דער טרייהייט צום יודישען גלויבען.

— דורך וועלכע אומשטענדען—האָט ד״ר אַלטשילער ענדליך געפרעגט,—האָט איהר מיט עטליכע מאָנאַט צוריק זיך בעקענט מיט דער יודישער טאָכטער?

— איך האָב מיט איינעם לעבענס-געפאַהר געראַטעוועט איהר ברודער פון רויי-בערישע הענד.

— אַה, דאָס איז אַ גרויסע זאַך, מיט וועלכער דער אויבערשטער האָט אייך מזכה

געווען. אונזערע חכמים לערנען, אז „כל המקיים נפש אחת מישראל, כאלו קיים עולם מלא"—ס'הייסט: ווער עס ראטעוועט איין יודישען נפש פון טויט, איז פונקט ווי ער וואלט דערהאלטען א גאנצע וועלט, ווייל איין איינצעלנער איז געווען נח און דורך זיין רעטונג פונ'ם מבול איז די גאנצע וועלט בעפעלקערט און בעזעצט געווארען. זאל די מצוה פון דעם דאזיגען מהאט אייך בײשטעהן, אז איהר זאלט אויסוועהלען דעם ריכטיגען וועג.

— און וועלכען וועג האלט איהר פאר דעם ריכטיגען?

— אז איהר זאלט בלייבען אין דער אמונה פון אייערע פרומע עלטערן. איהר דארפט גריגגשעצען די פירשבליכע עהרע און דאס קעניגליכע פערמעגען אין פיערגלייך מיט די אייביגע גיטער און מיט די ערהאבענע הבטחות, וועלכע דער אויבערשטער האט געגעבען זיין אויסדערוועהלט פאלק. יונגער הערר! איהר שטעהט פאר א גרויסען און שווע-רען נסיון. זאל אייך דער אויבערשטער העלפען, אז איהר זאלט איהם בײשטעהן!

---

# 23. דער פרומער זוהן און זיין מוטער.

ס'איז געקומען דער אווענד. פול אונגעדולד האט די פירשטין מאנטעוועגריא ער-ווארטעט איהר זוהן. ווען היינריך איז ערשיענען, האט זי געאיילט איהם אנטקעגען און געדריקט איהם שטורמיש צו איהר הויך קלאפענדען הארץ.

— מיין זוהן, מיין זוהן, מיין הערצענסזוהן—האט זי אויסגערופען —באלד קומט די צייט, ווען איך וועל מעהר ניט ברויכען שיידען זיך פון דיר. האסטו זיך בעשלאסען? ווי אזוי ווילסטו זיך טויפען, קאטויליש אדער פראטעסטאנטיש?

— איך וויל זיך גאר ניט טויפען.

— וואס זאגסטו, מיין זוהן? האב איך דיך ריכטיג פערשטאנען? גראף פערלעבערג האט דאך מיר געשריבען, אז מען האט דיך נאך ניט געטויפט, נאר אז מען האט דיר א קריסטליכע ערציהונג געגעבען, כאטש אפילו אויך א פרייזיניגע.

— איידער איך בין אהער געפאהרען, מיין מוטער, איידער איך האב נאך געוואוסט, אז איך בין געבארען א יוד, האב איך שוין געוואלט מגייר זיין זיך. יעצט, ווען איך האב צו מיין גרויסער פרייד זיך דערוואוסט, אז איך בין א יוד, אז איך געהער דורך מיין גע-בורט צום אויסדערוועהלטען פאלק, וויל איך זיך דערפון ניט שיידען און וועל זיך האל-טען ביי דער רעליגיע פון מיינע אבות ביז'ן לעצטען אטהעם.

ביי די דאזיגע ווערטער היינריך'ס, האט זיך אבגעמאלט א העלער שרעק אויפ'ן פנים פון דער פירשטין. זי איז אנידערגעפאלען אויף דער סאפא און איז שיער געפאלען אין חלשות. היינריך האט צוגעאיילט צו שטיצען איהר, אבער זי האט איהם אבגעשטעלט. געוואלטזאם האט זי איהרע קרעפטען געזאמעלט און אויסגערופען:

— נאריש קינד! צי מיינסטו דען, אז פירשט מאנטעוועגריא וועט אנערקענען א יו-דען פאר א זוהן און פירשט רימבאך וועט נעהמען א יודען פאר אנ'איידעם און מאכען איהם פאר א יורש פון אלע זיינע גיטער!

— איך בין נישט אזוי נאריש, ליבע מוטער, צו מיינען דאס. אבער איך זאג זיך אב פון די צוויי פירשטענטימער, וואס מען האט מיר אזוי גרויסמוטיג געשטעלט אין אויסזיכט און בלייב בעסער אנ׳איינפאכער יתד, ווי מיין פאטער און זיידע זענען עס געווען.

— הא, וואס איז דאס? ציא ליעבסטו אקארשט נישט א יודיש מיידעל?

— יא, מוטער, איך וויל עס דיר נישט פערלייקענען: איך האב ליעב א יודיש מיידעל, די טאכטער פון אנ׳ארימער אלמנה. אבער די דאזיגע ליעבע איז נישט אזוי שטארק אין מיר און עס האלט נאך נישט אזוי וויים, אז איך זאל זיך נישט קאנען שיידע פון איהר. איידער איך בין אהער געפאהרען, האב איך א רב בעזוכט און געבעטען איהם, אז ער זאל מיך מגייר זיין; דער רב האט מיר דערין אבגעזאגט, וויל ער האט ערקלערט, דאס צוליעב א שידוך דארף מען קיינעם נישט מגייר זיין. דאן האב איך זיך שוין כמעט געהאט בעשלאסען אבצוזאגען זיך פונ׳ם שידוך, אבי נור א יוד צו ווערען. דען דו דארפסט וויסען, מיין מוטער, אז מעהר פאר אלץ אין דער וועלט ליעב איך דעם איינציגען שעפער פון דער וועלט, וועלכער האט זיך ענטפלעקט משה׳ן אינ׳ם ברענענדען בוים; איך ליעב דאס פאלק, וואס האט אין א משך פון טויזענדער יאהר געליטען על קידוש השם. און אט דערוויס איך זיך דורך דיר, אז איך געהער דורך מיין געבורט דעם דאזיגען פאלק, אז איך בין אלס קינד אריינגעבראכט געווארען בבריתו של אברהם אבינו, אז מיין פאטער און מיין זיידע זענען געוועזן געטרייע און פרומע יודען, אזעלכע האבען זיי געלעבט און אזעלכע זענען זיי געשטארבען — און אט זאל איך דאס העכסטע פערמעגען, דעם גלויבען פון מיינע עלטערן, אבגעבען פאר געלד, פאר כבוד און פאר קרוינען?

ווערענד היינריך האט דאס גערעדט, איז אין דער פירשטין פארגעקומען א מערקווירדיגע ענדערונג. ס׳איז איהר פארגעקומען, ווי זי וואלט נעהערט די שטימע פון איהר פאטער, ווי זי וואלט געהערט איהר מאן רעדען דורך איהר זוהן. זי האט בעדעקט דאס פנים מיט ביידע הענד און האט אנגעהויבען ביטערליך צו וויינען א׳יפ׳ן קול.

היינריך האט געקוקט אויף איהר מיט פערוואונדערונג און געשוויגען. ציא זענען עס געוועזן טרעהרען פון פערדרוס, פאר וואס עס האט זיך גאר נישט אויסגעלאזען פון איהרע פלענער? ציא איז עס געוועזן חרטה, וועלכע האט נאך א לאנגער צייט ערוואכט אין איהר? היינריך האט אבער געהאט דרך־ארץ פאר׳ן צער פון זיין מוטער און ער האט נישט ארויסגעזאגט, וואס ער טראכט.

די פירשטין האט ענדליך אויפגעהערט וויינען און געזאגט:

— איך האב געדארפט זיין אויף דיר אין כעס, אבער איך קאן נישט. דיינע ווערטער האבען דערוועקט ביי מיר אין הארצען שוין לאנג פערגאנגענע זכרונות... אין דיר רעדט דער גייסט פון דיין זיידען, מיין פאטער... איך קאן מיר נישט ערקלערען דאס רעטעניש, אבער א פאקט איז עס! דו האסט ערהאלטען א קריסטליכע ערצוהונג און פונדעסטוועגען ביזטו א בעגייסטערטער אנהענגער פון יודענטום! איינמאל האט מיר געזאגט מיין לעהרער, א געוויסער ד״ר אלטשילער פון פראג, אז דער גייסט, וועלכער לעבט אין א יודען, ווערט קיינמאל נישט פערניכטעט, העכסטענס קאן מען איהם פערשטויסען אויף איין דור, אויף צוויי, אבער דאן כאפט ער זיך אויף מיט א נאך גרעסערע און שטארקערע קראפט, וואס שטארקער מען האט איהם אבגעשטויסען. דאמאלס האב איך געהאט א ספק, אייב דאס

איז ריכטיג; איך האָב געמײנט, אַז די אױסגלײַכענדע קראַפט פֿון דער צײַט װעט ביסלעכװײַז אױך מאַכען אַ סוף מיט'ן אַלטען יודענטום, דו, מײַן זוהן, ביזט אַ לעבעדיגער בעװײַז, אַז אַ טעות האָב איך געהאַט און מײַן לעהרער האָט רעכט געהאַט. צי קאָנסטו אָבער, מײַן זוהן, דאָס יודענטום? צי װײַסטו, װאָס פֿאַר אַ גרױסע משא דינים און געבאָטען ער לעגט אַרױף אױף זײַנע אָנהענגער? זײַ אַלע מאַכען דאָך דעם יודען שװער דאָס לעבען, זײַ מאַכען איהם ענג, זײַ שטערען איהם טײלצונעהמען אין די גרױסע אױפֿגאַבען פֿון דער צײַט!

— יאָ, מײַן מוטער, איך בין גוט בעקאַנט געװאָרען אין די לעצטע מאָנאַטען מיט די פֿיעל יודישע געבאָטען, װעלכע קאָנען ערשײַנען קלײנליך נור דעם, װאָס פֿערשטעהט זײַ נישט, איך אָבער עהרע זײַ און בין פֿעסט איבערצײַגט, אַז זײַ אַלע שטאַמען פֿון דער װאָרהײַט.

— דאָס יודענטום—האָט הײַנריך װידער אָנגעהױבען נאָך אַ קורצער פּױזע — האָט די גרעסטע פֿערגאַנגענהײַט. פֿון אַלע פֿעלקער פֿון דער אַלטער װעלט איז דאָס פֿאָלק ישראל איבערגעבליבען אַלײן אַלס אַ מאָנומענט פֿון לאַנג-פֿערשװאונדענע טױזענדער יאָהרען. בײַ אַלע גרױסע און מעכטיגע פֿעלקער פֿון אַלטערטום, װײַזט זיך אַרױס זײַער גרױסקײַט און הערליכקײַט אין די רעשטלעך פֿון די גרױסע און פּרעכטיגע געבײַדעס, װאָס זײַ האָבען איבערגעלאָזען, אין די רעשטלעך פֿון זײַער קונסט און ליטעראַטור, אָבער די פֿעלקער גופֿא זענען שױן לאַנג פֿערשװאונדען געװאָרען! אָבער דאָס פֿאָלק ישראל, װאָס זײַנע אָבות האָבען אין מצרים געהאָלפֿען בױען די פּיראַמידען און האָבען געקעמפּט שפּעטער מיט אשור און בבל, מיט די גריכען און רױמער, דאָס פֿאָלק ישראל, װאָס די גערמאַנישע און ראָמאַנישע פֿעלקער האָבען שפּעטער אין מיטעלאַלטער אומזיסט בעמיהט זיך צו פֿערניכטען,—דאָס דאָזיגע פֿאָלק לעבט הײַנט, װי אין די צײַטען פֿון זײַער גרױסען לעהרער משה און זײַער װאונדערליכען זינגער, דעם מלך דוד. דאָס יודענטום פּולסירט מעכטיג אין מיליאָנען הערצער, צעשפּרײט איבער דער גאַנצער װעלט, זענען די זיהן און טעכטער פֿון יודישען פֿאָלק פֿערשידען אײנע פֿון די אַנדערע אין זײַערע מנהגים און געװאױנהײַטען, אין קלײדונג, אין שפּראַך און פֿונדעסטװעגען לעבט אין זײַ אַלעמען אײן גײַסט, אײן רצון, אָנצוערקענען דעם אײנציגען בורא, צו היטען זײַערע געבאָטען און פֿאַר איהם צו לעבען און שטאַרבען. אמת, עס זענען הײַנט פֿאַראַן יודען און יודינעס, װעלכע האָבען איבערגעריסען מיט'ן יודענטום און זײַן פֿערגאַנגענהײַט, אָבער זײַ זענען גלײַך צו דאַרען שאָלעכץ פֿון בױמער, װאָס ז'ער הערבסט-װינד שמײַסט אַראָב. דער שטאַם פֿון בױם בלײַבט אָבער גאַנץ. דאָס איז דער הערליכסטער בױם, װאָס אונטער זײַנע צװײַגען װעט נאָכאַמאָל די גאַנצע מענשהײַט זוכען און געפֿינען שלום און רוהיגקײַט פֿאַר דער נשמה, װאָרום װי דאָס פֿאָלק ישראל האָט די גרעסטע פֿערגאַנגענהײַט, אַזױ װעט עס אױך האָבען די גרעסטע צוקונפֿט. און פֿון אָט דעם פֿאָלק זאָל איך זיך שײַדען, נאָכדעם װי איך האָב געװאָלט איהם ברענגען דעם גרעסטען קרבן—מײַן ליעבע, נאָכדעם װי איך האָב זיך איבערצײַגט, אַז איך געהער דעם דאָזיגען פֿאָלק דורך מײַן געבורט, זאָל איך ברענגען עס פֿאַר אַ קרבן צוליעב עשירות, צוליעב מיטולען, צוליעב זאַכען, װאָס הײַנט זענען זײַ פֿאַרהאַן און מאָרגען טראָגט זײַ אַװעק דער װינד!

— מײַן זוהן, דו משפּט׳סט מיך זעהר שטרענג! יעדעס װאָרט דײַנס איז אַ שטרענ־גער אורטײל איבער דײַן מוטער...

— מאַמע! איך בין גאַנץ װײַט פון׳ם געדאַנק דיך צו משפּט׳ן און דיך צו פערר־אורטײלען. עס האַנדעלט זיך דאָך דאָ נישט װעגען דײַן פערגאַנגענהײַט, נאָר װעגען מײַן צוקונפט.

— און מײַן לעבען איז שױן בײַ דיר גאָרנישט, מײַן זוהן? אָה, איך האָב דאָך געװאָלט פערשאַפען דיר גליק און אויך פאַר זיך אויסקעמפּען פרײַד אין לעבען. מײַן האָב לעבען איז שױן יאָהרען־לאַנג טרויעריג און פול שמערצען. אין דער פריהעסטער קינדהײַט איך מײַן מוטער פערלאָרען; װען איך בין אַלט געװאָרען אַכצעהן יאָהר, האָב איך מײַן פאָטער פערלאָרען, און נאָך אינ׳ם זעלבען יאָהר האָב איך פערלאָרען אויך מײַן ליעבען מאַן, דײַן פאָטער, דורך אַ פּלוצלונגען און שרעקליכען טויט. אַ קורצע צײַט לאַנג האָב איך געהאַט אַ טרײַסט: מײַן קינסטלערישער רוהם האָט מיר פערשאַפען אַפּלאָדיסמענטען בײַ דער מאַסע. באַלד אָבער האָב איך אײַך אײַנגעזעהן, אַז אויך דאָס איז נישט מעהר װי זײַפען־בלאָזען... דאַן האָט אַנ׳אַנדער תּאוה מיך אָנגעהויבען פּײַניגען—די תּאוה צו קו־מען צו דער העכסטער מדרגה. פון דער מענשליכער געזעלשאַפט. כּדי צו דערגרײכען צו דעם ציעל, האָב איך געבראַכט אַ קרבן מײַן מוטער־ליעבע, אָבזאָגענדיג זיך פון דיר, מײַן הײסגעליעבט קינד, װי איך האָב גערעכענט אויף אײביג. איך האָב מײַן ציעל דערגרײכט, איך בין געװאָרען אַ פירשטין. אָבער דאָס גליק איז פון מיר אַנטלאָפען, אַנ־אונגערעכענער זוהן האָט מיר צורויסען מײַן האַרץ מיט טװיזענדער שפּיזען, און אָט האָב איך דיך װידער: געזונד און שען, איידעל, קלוג און גוט טרעסטסטו אַרוים פאַר מיר. מיך האָט שוין גליקליך געמאַכט דער געדאַנק, אַז איך קאָן דיך בעפּוצען מיט אַלע הערליכע גיטער פון דער ערד, אַז איך קאָן דיר אַרויפזעצען אויפ׳ן קאָפּ צװײ פירשטליכע קרוינען, אַז איך קאָן דיר געבען אַ פרוי, װאָס פירשטען װעלען דיר מקנא זײַן.—און דו, מײַן זוהן, דו האָסט נישט קײן װאָרט פון דאַנק פאַר מיר, דו אָנערקענסט נישט די װאוילטאַטען, װעלכע איך װיל דיר בעװײַזען און װאַרפסט זײ אָב. דערמיט אָבער װאַרפסטו אויך אָב און אָנערקענסט נישט דײַן מוטער, דו שטעלסט־אויף אַ שײד־װאַנד צװישען מיר און דיר. דו שײדעסט זיך אָב אויף אײביג פון דײַן מוטער. און פאַרװאָס? פאַר אַ חלום, פאַר אַנ־אמונה, אין װעלכער דו ביזט נישט ערצויגען געװאָרען! מײַן געליעבטער זוהן, װעלכען איך האָב אַמאָל געטראָגען אונטער׳ן האַרצען—אָה, הער־אויס דאָס בעטען זיך פון דײַן מוטער. פערלאָז מיך נישט! לאָז מיך נישט בלײַבען אײַנזאַם אַלײן שמאַכטענדיג נאָך דײַ ליעבשאַפט! זעה מײַנע טרעהרען, מאַך װײך דײַן האַרץ, און קלויב־אויס אַ בעסערן גורל פאַר דיר און מיר.

די פירשטין האָט אָנגענומען הײנריכ׳ס האַנד און זי געדריקט צו איהר קלאַפּענדיגן האַרצען. אָבער די דאָזיגע טרעהרען און ביטעס האָבען װעניג־װאָס געװירקט אויף הײנ־ריכ׳ען. פערקעהרט, זײ האָבען אין איהם אַרויסגערופען גאָר אַנ׳אַנדער געפיהל. ס׳האָט זיך איהם געװאָלט דערמאָהנען זײַן מוטער, אַז זי האָט שוין לאַנג פערלאָרען איהר רעכט אויף איהם, װען זי האָט זיך געשײדעט פון איהם גאָר אָהן שום נויט, נאָר כּדי צו בעפ־פריעדיגען איהרע עגאָאיסטישע חפצות. צי האָט זי דען איהם נישט איבערגעלאָ[illegible] יאָהרען־

לאַנג אָהן קײן שום ידיעה װעגן זײַן געבורט, װאַרפענדיג אַזױ-אַרום אַ שאָטען אױף זײַנע יאָהרען? צי האָט זי זיך דען נישט אָבגעזאָגט פון איהר רעליגיע, פון די הײליגסטע גיטער פון דער מענשהײַט נור צוליעב איהר פערזענליכען נוצען?!

אָט װעלכע געדאַנקען האָבען איהם דורכגענומען בײַ די ביטעס און טרעהרען פון דער פרױ, װעלכע האָט זיך גערופען זײַן מוטער. נאָר צוליעב שױנונג האָט ער געשװיגען.

— דו שװײַגסט?—האָט די פירשטין געפרעגט.

— מוטער,—האָט הײַנריך געזאָגט—דײַנע װערטער מאַכען אױף מיר גאָר אַנ'אַנדער װירקונג, װי דו װילסט. דו האָסט אין כבוד און עשירות קײן גליק נישט געפונען, כאָטש ס'האָט דיך קײן געזונד נישט געקאָסט אָבצוזאָגען זיך פון דער רעליגיע פון דײַנע עלטערן. איך אָבער בין צו דער דאָזיגער רעליגיע צוגעבונדען מיט אַלע פעדים פון מײַן נשמה—פאַרװאָס-זשע זאָל איך דען אָבזאָגען זיך פון איהר צוליעב צװײַפעלהאַפטע גליקען? אָה, מאַמע, קעהר זיך אױך אום בעסער צוריק צו דער רעליגיע פון דײַן פאָטער, פון דײַן געליעבטען מאַן! קום מיט מיר קײן דײַטשלאַנד! איך װיל דיר צוגרײַטען אַהײם אין מײַן הײז, װעלכע װעט דיר מאַכען מעהר פערגעניגען װי דײַן פירשטליכער פאַלאַסט. איך װעל דיר אַ טאָכטער געבען, װעלכע װעט האַלטען פאַר איהר הײליגער אױפגאַבע צו פערזיסען דײַנע טעג, און ענדליך װעסטו רוהיגקײַט בעקומען, רוהיגקײַט אין דער נשמה, װעלכע דו האָסט שױן לאַנג נישט געשפירט...

— דו רעדסט נאַרישקײַטען, מײַן זוהן, װי אַזױ קאָן איך דען, װי אַזױ זאָל איך דעם פירשט פערלאָזען, װעהרענד ער איז שטענדיג געװען גוט און ליעבליך פאַר מיר? דיך בינדט דאָך אָבער קײן באַנד נישט, דו װאָלסט דאָך קאָנען לײַכט ערפילען מײַן װאונש. איך װיל יעצט נישט אָרײַנדרינגען מעהר אין דיר. קום טאָרגען װידער אין דער-װעלבער צײַט. איך האָף, אַז ביז דאַן װעסטו זיך אַנדערש בעשליסען.

---

## 24. די בשר'ע יודישע מתנה.

אין דער נאַכט נאָכדעם איז הײַנריך װערטהײַמער שױן געשלאָפען אױסגעצײַלענט. דער פעסטער ענטשלוס צו בלײַבען אַ יוד און אָבצוזאָגען זיך פון די גלענצענדע אױס-זיכטען, װעלכע האָבען זיך איהם פאָרגעשטעלט, האָבען פאָלקאָם בערוהיגט זײַנע אױפגע-רעגטע נערװען. אױפגעשטאַנען איז ער שפעט און האָט זיך געשפירט שטאַרק געקרעפ-טיגט נאָך אַ לאַנגען געזונדען שלאָף. נאָכדעם װי ער האָט זיך אַרומגעװאַשען און האָט אָנגעטהון זײַנע מלבושים, האָט ער זיך געװאָלט כאַפען צום אָנבײַסען, אָבער דאָ האָט ער זיך פלוצלונג דערמאָהנט, אַז אַ יוד מוז פריהער דאַװנען אין אַ טלית און תפילין, װאו נעהמט מען עס און װאו נעהמט מען אַ סדור? ער האָט זיך דעריבער נעלאָזען נעהן צו זײַן נײַעם פרײַנד, דעם ד"ר אַלטשילער נאָך פאַר'ן אָנבײַסען און באָרגען בײַ איהם אַ טליה און תפילין מיט אַ סדור כדי צו דאַװנען, װי זײַן פאָטער און זײדע פלעגען דאָס טהון, פרום און יודישליך.

ד"ר אַלטשילער האָט איהם אױפגענומען מיט פרײד.

— ברוך הבא, מײַן יונגער פֿרײַנד!—האָט ער אויסגערופֿען אַנטקעגען איהם.—האַלט איהר זיך נאָך אַלץ בײַ אײַער פּעסטען בעשלוס?

— איך האָב ערקלערט מײַן מוטער, אַז איך שפּיר זיך מחויב, צו לעבען און שטאַרבען אַלס יוד, ווי מײַן זיידע און מײַן טאַטע, זכרונו לברכה. איך האָב נאָך הײַנט נישט אָנגעבּיסען, ווײַל איך האָב נאָך נישט געדאַווענט, דען איך האָב נאָך נישט קיין טלית און תּפילין. איך וואָלט בײַ אײַך געבעטען, אַז איהר זאָלט עס מיר באָרגען נור אויף הײַנט. מאָרגען האָף איך שוין צו האָבען אייגענע.

ד״ר אַלטשילער האָט איהם גערן געגעבען דאָס פֿערלאַנגטע. ער האָט איהם אויך אָנגעוויזען, ווי אַזוי מען דאַרף דעם טלית און תּפילין אָנטהון און וואָס מען ברויך צו זאָגען פֿון סדור אַרויס. ס׳האָט געדויערט אַ היבּש ביסעל איידער היינריך האָט זיך צורעכט געמאַכט אין זײַן נײַער לאַגע, אָבער דערבײַ האָט ד״ר אַלטשילער בעמערקט מיט פֿרייד, ווי לויפֿיג היינריך זאָגט די תּפילות אין סדור און מיט וואָס פֿאַר אַ פֿרומקייט און אַ טיעפֿען פֿערשטאַנד ער דאַווענט. דאַן האָט היינריך געמוזט פֿריהשטיקען בײַם ד״ר אַלטשילער, וועלכער האָט עס אַנדערש בשום אופֿן נישט געוואָלט, ערקלערענדיג, אַז הכנסת אורחים איז איינע פֿון די גרעסטע יודישע מצוות. וועהרענד דעם פֿריהשטיק האָט היינריך דערצעהלט דעם אינהאַלט פֿונ׳ם געשפּרעך מיט זײַן מוטער. ד״ר אַלטשילער האָט איינגעפֿונען, אַז ער האָט זעהר גוט געענטפֿערט זײַן מוטער, און דערבײַ האָט ער איהם ווידער געשטאַרקט אין זײַן בעשלוס צו בלײַבען געטרײַ דער אמונה פֿון זײַנע פֿרומע עלטערן.

— יונגער פֿרײַנד!—האָט ד״ר אַלטשילער געזאָגט—מיינט נישט, אַז איהר האָט שוין מנצח געווען אַלע שוועריגקייטען. אײַער מוטער וועט נאָך מאַכען די גרעסטע אָנשטרענגונגען, צו געווינען אײַך פֿאַר איהרע פּלענער. זאָל אײַך דער אויבערשטער קרעפֿטיגען און שטאַרקען, אַז איהר זאָלט אויסהאַלטען אין אײַער איידעלען ענטשלוס.

ווען היינריך איז געקומען צוריק צו זיך אין האָטעל, האָט ער זיך דערוואוסט, אַז אַ רײַכער הערר איז געווען דאָרט און זיך נאָכגעפֿרעגט אויף איהם און האָט בעפֿוילען תּיכּף, ווי ער היינריך, וועט צוריקקומען, זאָל מען איהם הייסען באַלד אַרײַנקומען אין נומער 21. היינריך האָט אַזוי געטהון און איז נישט ווייניג איבּערראַשט געוואָרען, ווען ער האָט אינ׳ם פֿרעמדען רײַכען הערן דערזעהען זײַן פֿרײַנד און ערציהער, דעם גראַף פּערלעבערג. דער גראַף איז איהם געשווינד אַרויס אַנטקעגען און איהם אײַנגעשלאָסען אין זײַנע אָרעמס.

— ליעבּסטער, בעסטער יונג!—האָט ער אויסגערופֿען—וואָס מאַכסטו? פֿאַרוואָס האָב איך אַזוי לאַנג קיין איינציגע שורה נישט בעקומען פֿון דיר געשריבען? ווי גוט דו זעהסט אויס! מען וואָלט געקאָנט זאָגען, אַז די פֿירשטליכע קרוין שטעקט דיר שוין אויפֿ׳ן קאָפּ! דאַרף איך דיך גראַטולירען? ביזטו שוין פֿירשט מאָנטעווענריאָ? איז שוין פֿאָרגעקומען דער תּנאים צווישען דיר און דער פּרינצעסין מעלאַניע? איך האָב זיך אַזוי שטאַרק פֿערבענקט נאָך דיר, אַז איך האָב נישט געקאָנט לענגער אויסהאַלטען און בין געקומען אַהער אַליין, כּדי טיילצונעהמען פּערזענליך אין דײַן גליק.

— הערר גראַף!...—האָט היינריך געענטפֿערט...

— ביזט משוגע, מײַן בחור׳ל? וואָס איז עס פֿאַר אַ גראַף? וואָס איז עס פֿאַר מיר

אַ גראַף? צי בין איך דען נישט מעהר דײַן אַלטער פֿעטער? אָדער צי ביזטו שטאָלץ געוואָרען און דו ווילסט מיך שוין גאָרנישט רופֿען פֿעטער? צי האָט די אויסזיכט אויף צוויי קרוינען דיר אַזוי פֿערדרעהט דעם קאָפּ, אַז דו שעמסט זיך שוין מיט מיר?

— מײַן בעסטער פֿעטער, מײַן גוטער, איידעלער, פֿאָטערליכער פֿרײַנד! — האָט הײַנריך אויסגערופֿען — ערשט יעצט האָב איך זיך דערוואוסט, וויפֿיעל דאַנק בין איך דיר שולדיג, נאָכדעם ווי איך ווייס שוין, אַז מיט'ן בלוט בין איך מיט דיר גאָרנישט פֿערוואַנדט. דו ביסט זיך אַזוי איידעל בעגאַנגען מיט'ן פֿערלאָזענעם קינד, אַז איך וועל קיינמאָל נישט קאָנען זיך גענוג אָנדאַנקען דיר, בפֿרט נאָכדעם ווי איך האָב זיך אָבגעזאָגט פֿון די צוויי פֿירשטליכע קרוינען און וויל בלײַבען אַ פּשוט'ער איינפֿאַכער יוד, הײַנריך ווערטהיימער.

ווי פֿערשטיינערט פֿון פֿערוואונדערונג, אָהן לשון, איז געבליבען שטעהן גראַף פֿערלעבערג.

— יעצט גלויב איך ווירקליך, אַז דו, מײַן בחור'ל, ביזט דאָ אַראָב פֿון זינען. זאָג־זשע מיר אָבער, וואָס זאָגט דײַן מוטער צו דײַנע וואונדערליכע אײַנפֿאַלען?

— איך וועל פֿערליערען מײַן מוטער אַזוי געשווינד, ווי איך האָב איהר געפֿונען.

— אַי ביזטו מיר אַ בחור'ל! יאָהרען לאַנג האָסטו געבענקט נאָך אָט דער מוטער און יעצט, ווען דו האָסט זי, ווילסטו איהר פֿערליערען... אָדער צו מיינסטו, אַז איך האָב נישט בעמערקט, ווי דו פֿלעגסט אָפֿט קוקען אויף מיר מיט דער פֿערבעהאַלטענער פֿראַגע וועגען דײַן מוטער? צי האָב איך דען נישט הונדערטער מאָל געלעזען אָט די פֿראַגע אויף דײַנע ליפּען?... און יעצט ווען דו האָסט דײַן מוטער געפֿונען — און נישט אַזוי, ווי דו האָסט געמיינט, אין עלענד און אָרעמקייט, אין זינד און אין שאַנד, נאָר אין עהרע און אין עשירות, אין פֿירשטליכער שטעלונג, יעצט, ווען די דאָזיגע מוטער וויל דיר געבען גרויסע אוצרות געלד און כבוד, ווילסטו עס נישט אָננעהמען און ווילסט גאָר די מוטער אָבשטויסען פֿון זיך! און זאָג מיר נור אַ וואָס? צוליעב וואָס וועגען? צוליעב אַ קאַפּריז? צוליעב אַ נאַרישע אויסגעטראַכטע גאווה?

— ניין, ליעבער פֿעטער, ס'איז נישט קיין קאַפּריז, ס'איז עטוואָס אַנדערש...

הײַנריך האָט זיך אַ ווײַלע פֿערטראַכט און דאַן האָט ער ווײַטער גערעדט:

— מײַן טײַערער ליעבער פֿעטער! איך בעט דיר מיך צו פֿערשטעהן. ס'איז נישט קיין קאַפּריז, ווען איך וויל אַ יוד בלײַבען, ס'איז די ליעבשאַפֿט צו מײַן פֿאָלק, די ליעבשאַפֿט צו דער רעליגיע, אין וועלכער איך בין געבאָרען געוואָרען...

— מײַן בחור'ל, איך פֿערשטעה דיך אַלץ ווייניגער! צי האָב איך דען דיר נישט געגעבען אַ פֿרײַזיניגע ערציהונג? צי האָב איך דען דיך נישט געלערנט, אַז די רעליגיע איז בלויז אַן אויסערליכע פֿאָרם? וואָס ווייסטו דען וועגען יודען און דעם יודענטום?

— דו וועסט זיך מסתּמא דערמאָהנען, ליעבער פֿעטער, אַז איך האָב פֿאַריגען זומער אין האַמבורג בעפֿרײַט אַ יודען פֿון אַ מערדער'ס הענד. דאַדורך בין איך פֿיעלפֿאַך געקומען אין בעריהרונג מיט יודען און האָב אַזוי־אַרום קענען געלערנט נישט בלויז דאָס יודישע פֿאָלק, נאָר אויך דאָס יודענטום. איך האָב בײדע אָנגעהויבען שעצען אַזוי הויך, אַז איך בין ענטשלאָסען געוועהן מגייר צו זײַן זיך, נאָך איידער איך האָב אפֿילו די קלענסטע אָהנונג געהאַט, אַז איך געהער צו יודען, לויט מײַן געבורט.

— דו ליבסט אַ יודישע טאָכטער?

— די אייגענע פראַגע האָט מיר אויך געשטעלט מײַן מוטער. יאָ, איך ליבע די יודישע טאָכטער, אָבער די דאָזיגע ליבע איז נישט גענוג שטאַרק, אַז זי זאָל ווירקען בעשטימענד אויף מײַן בעשלוס אַ יוד צו ווערען. דו קענסט מיך גענוג, ליבער פעטער, און דו ווייסט, אַז איך טהו שטענדיג נור דאָס, וואָס איך האַלט פאַר רעכט און גוט. דעם דאָזיגען פרינציפּ האָסטו דאָך אין מיר אַליין אײַנגעפלאַנצט דורך דײַן קלוגע ערציהונג. מעגליך, אַז די ליבשאַפט צום יודענטום האָט שוין געשטעקט אין מיר אויך פריהער אונבעוואוסט, אַזוי צו זאָגען, אין מײַן בלוט. אָבער ווי דאָרט איז, זי האָט דערוואַכט אין מיר בײַ דער ערשטער בעקאַנטשאַפט מיט'ן יודענטום און האָט מיך געטריבען צו פערנעהמען זיך פלײַסיג מיט'ן שטודיום פון יודענטום, פון דער העברעאישער שפּראַך און פון דער רעליגיע. אויסלערנען אַ זאַך איז מיר זעהר לײַכט און אָט איז מיר געלונגען אויך דערין צו מאַכען גלענצענדע פאָרטשריטען. דאָס, וואָס איך האָב פריהער געטהון בלויז אַלס אַמאַטאָר, איז באַלד געוואָרען דער קערן און אינהאַלט פון מײַן לעבען. די פעלזענפעסטע איבערצײַגונג אין דער וואַהרהײַט פון יודענטום און זײַן גרויסקײַט איז אין מיר געוואָרען אַזוי לעבעדיג, אַז איך האָב זיך בעשלאָסען צו ווערען אַ יוד. ווײַל אָבער דאָס יודענטום נעהמט נישט אַרײַן אַזוי לײַכט גרים, און דאָס איז מעגליך נור דאַן, ווען דאָס מגייר זײַן זיך קומט פאָר בלויז צוליעב רײַנער איבערצײַגונג, האָב איך זיך ענטשלאָסען צו ווערען אַ יוד פריהער און ערשט נאָכדעם ברענגענדיג אַ קרבן מײַן ליבע צו דער יודישער טאָכטער, כדי מען זאָל מיר נישט חושד זײַן, אַז איך בין זיך מגייר נור פון דער ליבע וועגען. און ווען איך בין שוין געשטאַנען נאָהענט פאַר אַזאַ שריט, האָב איך דערהאַלטען דײַן טעלעגראַמע צו פאָהרען קײַן איטאַליען...

אינ'ם דאָזיגען אויגענבליק האָט מען אָנגעקלאַפּט אין טהיר. ד"ר אַלטשילער איז אַרײַנגעקומען אין דער בעגלײַטונג פון אַ טרעגער, וועלכער האָט געבראַכט אַ פּאַקעט.

היינריך איז איהם אַרויסגעקומען אַנטקעגען. דער טרעגער האָט אַנידערגעלעגט דעם פּאַקעט און איז אַרויסגעגאַנגען.

— מײַן ליבער העֶרר ד"ר—האָט היינריך געזאָגט, דערלאַנגענדיג איהם די האַנד—איך בין היינט אין דער העכסט גליקליכער איבעררעשונג דורך דער אָנקונפט פון מײַן טײַערן פּאָטערליכען פרײַנד, דעם גראַף פּערלעבערג, ערלויבט, איך זאָל פאָרשטעלען—מײַן ליבער פעטער! איך האָב אינ'ם העררן ראַבינער ד"ר אַלטשילער דערקענט אַן אַלטען פרײַנד פון מײַן מוטער, וועלכער האָט מיר פיעל דערצעהלט וועגען מײַן פאָטער און זיידען.

— גנעדיגער העֶרר—האָט ד"ר אַלטשילער געזאָגט צום גראַף.—העֶרר ווערטהײַמער האָט מיר געזאָגט אַזוי פיעל גוטס און שענעס וועגען זײַן עדעלען ערציהער און אַפּוטרופּוס אַז איך שעץ זיך גליקליך צו בעקענען זיך מיט'ן הויכגעשטעלטען מאַן, וועלכער שטעהט העכער פאַר די פאָראורטהײַלען געגען מײַנע יודישע ברידער.

דער גראַף האָט זיך פערנויגט.

— וואָס פאַר אַ פּאַקעט האָט איהר עס געלאָזט ברענגען, אַרײַנקומענדיג אַהער?—האָט דער גראַף געפרעגט בײַם ד"ר אַלטשילער.

ד"ר אַלטשילער איז געוואָרען פערלעגען, אָבער היינריך האָט געשווינד געענטפערט

דעם פּאַקעט, אַרויסגענומען פון דאָרט אַ סדור, אַ טלית מיט תּפילין און בעוויזען דאָס דעם גראַף.

— איך האָב געבעטען — האָט ער געזאָגט — דעם העררן ד״ר צו בעקומען פאַר מיר די דאָזיגע היילינע זאַכען, וועלכע זענען נויטיג אַ יודען ביים דאַווענען.

דערביי האָט ער אַרויסגענומען פון טלית-זעקעל דעם ווייס-וואָלענעם טלית און געזאָגט:

— זעה, ליעבער פּעטער, אָט דאָס איז דער טלית מיט ציצית, אין וועלכען מיר יודען הילען זיך איין בשעת׳ן דאַווענען; אָט דאָס זענען די תּפילין, אין וועלכע עס געפינען זיך אָבשריפטען — פּרשיות פון דער היילינער תּורה; מיר בעפעסטיגען זיי אויפ׳ן אָרעם און אויפ׳ן קאָפּ, כדי צו דערוויזען, אַז מיר אונטערוואַרפען אונזער קראַפט און אונזער געדאַנק דעם אויבערשטען. אינ׳ם דאָזיגען סדור געפינען זיך אונזערע תּפלות אויף העברעאיש, אין דער שפּראַך, אין וועלכער דער אויבערשטער האָט זיך ענטפּלעקט צו משה רבנו אויפ׳ן באַרג סיני.

— פּאַול, פּאַול — האָט דער גראַף געזאָגט, — איך פערשטעה דיך נישט, איך בעגרייף דיך נישט. ס׳מוז דאָך, משמעות, עפּעס וואָס שטעקען אין אייער יודישען בלוט אַזעלכעס, וואָס דער האַלט אַזעלכע אַזוי בייס יודענטום, און איהר ווערט פון זיך אַליין צוריק יודען, ווען אַפילו איהר זענט תּיכף נאָך דער געבורט אָבגעריסען געוואָרען פון איהם.

אין צימער איז אַריינגעקומען אַ קעלנער און געבראַכט דעם גראַף אַ בריוועלע פון דער פירשטין מאָנטעוועגריאָ. דער גראַף האָט איהר געמעלדעט שוין פריהער, אַז ער איז געקומען קיין איטאַליען, און זי האָט איהם יעצט איינגעלאַדען, צו ערשיינען אין איהר קוואַרטיר. דער גראַף האָט גענומען אָבשיעד פונ׳ם ראַבינער און פון היינריך און איז אַוועקגעגאַנגען צו דער פירשטין.

ווען ער איז אַרויסגעגאַנגען, האָט ד״ר אַלטשילער געזאָגט:

— צי האָב איך אייך דען נישט פאָרויסגעזאָגט, אַז מען וועט אָנווענדען אַלערליי מיטלען, כדי אָבצוהיטען אייך, מיין יונגער פריינד, פון אייער ענטשלוס אַ יוד צו בלייבען האָט זיך נור פעסט ביי אייער גלויבען!

— איך גלויב, אַז איהר האָט רעכט — האָט היינריך געענטפערט — מיין מוטער וועט געוויס בעטען דעם גראַף, אַז ער זאָל אָנווענדען זיין גאַנצען איינפלוס אויף מיר, דאָס איך זאָל נאָכגעבען און איינשטימען אויף איהרע פּלענער. איך בין אָבער אייזען-פעסט אין מיין בעשלוס אַ יוד צו בלייבען.

— זענט נישט צו-זיכער, מיין ליעבער פריינד! זאָל דער אויבערשטער אייך שטאַרקען און געבען כח אויסצושטעהן דעם גרויסען נסיון, פאַר וועלכען איהר זענט געשטעלט געוואָרען!

---

# 25. אין רוים.

ווען היינריך האָט אין אָבענד זיך געמעלדעט ביי זיין מוטער, האָט מען איהם צו איהר נישט צוגעלאָזען. די פירשטין האָט איהם געלאָזט זאָגען, אַז זי שפּירט זיך אַנגע-

טריפֿען און קאָן איהם נישט אויפֿנעהמען. זי האָט איהם געלאָזט בעטען צו געדולדען זיך אַ געוויסע צייט און לאָזען זי צו־רוה אַנ׳אַלט טאָג צייט, כדי זי זאָל זיך קאָנען פֿאָלקאָם ערהאָלען.—

ווען היינריך איז צוריקגעקומען אין זיין צימער, איז געקומען גראַף פערלעבערג, צו בעטען איהם, אַז ער זאָל איהם בעגלייטען צו־מאָרגענס קיין רוים. היינריך האָט נאָך קיינמאָל נישט געזעהען די דאָזיגע גרויסע וועלט־שטאָדט און דעריבער האָט ער נישט געקאָנט אָבזאָגען די ביטע פֿון זיין פֿאָטערליכען פריינד.

רוים! איינע פֿון די שענסטע און עלטסטע וועלט־שטעדט, וואוהין דער איראָפּעאי־שער טוריסט פֿאָהרט נישט אַזוי נאָך פֿערגעניגענס, ווי צו בעקענען זיך מיט דער אַלטער גרויסער וועלט פֿון די רוימער, וועלכע האָבען איינגענומען און חרוב געמאַכט מדינות און פֿערזאַמעלט זייערע עשירות אין די מויערן און גאַסען פֿון זייער הויפּט־שטאָדט.—יעצט דערזעהט דער וואַנדערער אין דער היץ פֿון זונען־שיין די פֿריהצייטיגע שענע שטראַהלענדע מאַרמאָרענע שטאָדט בלויז אַלס אַ מאָנומענט פֿון אַנ׳אָבגעשטאָרבענער וועלט... די דאָזיגע וועלט איז אָבער נאָך יעצט אויך אַזוי רייך און פֿערשידענאַרטיג, אַז מען בּרויך צו לעבען דאָ וואָכען און חדשים לאַנג, ווען מען וויל זיך מיט איהר בעקענען.

אָט לויפֿט דאָ רוישענד דער לעגענדען־רייכער טיבער און טרייבט זיין געל־מוטנע וואַסער אונטער די שען־הענגענדע בריקען. די שטאָדט באָדט זיך אין אַנ׳אייביגען פֿריהלינג; דאָ איז דעם פֿריהלינג׳ס אייביגע מלוכה!

בעדעקט מיט געדיכטע גרינע פֿעלדער, מיט איילבירטען און לאָרבער־בוימער, מיט פּיניען און ציפּרעסען, ציהט זיך די בליהענדע געגענד אַרום שטאָדט ביז צו די שענע בערג אַרום דעם וואַסער־רייכען טיבער ביז רפּני, וואו ס׳פֿינקעלט אויף דער זון די שענע אָזיערא אַלבּא לאָנגאַ. ברייטע שאָסעען אויסגעזועצט מיט שען־בעאַרבייטע שטיינער שניידען אַדורך די פֿעלדער אין טהאָל. פֿון ביידע זייטען וועג קאָנקורירט אָבער די עשירות פֿון דער נאַטור מיט דער עשירות פֿון דער מענשליכער קונסט, וועלכע האָט דאָ בעוויזען אמת׳ע וואונדער, אויפשטעלענדיג מאָנומענטען פֿאַר פֿערזאָנען און נעשעהעניסען אויף שריט און טריט.

אויף ווי ווייט דער בליק דערגרייכט, דערהויבען זיך פֿון דער טונקעל־ברוינער און גרי־נער לאַנדווירטשאַפֿט אַרויס אין מאַרמאָר געבויטע ווילעס איינע איבער דער אַנדערער, און איבער אַלעם דעם איז אויסגעגאָסען דער גן־עדן־ריח פֿון אַנ׳אייביגען, בשמים־פֿולען פֿריהלינג, וועלכער פֿערטרייבט יעדע זאָרג פֿון האַרצען און שטילט און בערוהיגט דאָס צעהיצטע בלוט. פֿון די דאָזיגע גערטנער, פֿון די אייביג־גרינע פֿעלדער און לאָנקעס פֿליהען קיינמאָל נישט אַרויס די סאָלאָוועען, זינגענדיג דאָרט אַ קיילעכדיג יאָהר. אַפֿילו די פֿיאָלען הערען דאָ נישט אויף צו בליהען אַמאָל!

די לופֿט ווערט אַדורכגעשניטען מיט׳ן פֿייף פֿון דער מאַשין, און דער צוג רייסט זיך אַריין אין נייעם רוימישען וואָקזאַל, וועלכער איז בעפּוצט מיט פֿיעל שענע בילדער. דער רעש און טומעל הערשט דאָ נאָך עד־היום, ווי אין פֿאַרצייטיגען רוים; מען הערט דאָ ריידען צעהנדליגער שפּראַכען פֿון פֿאַרצייטיגע און יונגע, מאָדערנע פֿעלקער. דאָס מאָדערנע רוים עפֿענט פֿאַר אַלעמען גלייך טהיר און טויער: געה, קוק און זיה

ווען גראַף פערלעבערג איז מיט היינריכען געפֿאָהרען פֿון וואָקזאַל צום האָטעל, האָ־

בען זיי דערזעהן אויף אַ באַלקאָן פֿון אַ פּאַלאַץ אַנ׳עלטערן העֿרר מיט צוויי דאַמען, וועלכע האָבען זיי פֿריינדליך בעגריסט. היינריך איז בלאַס געוואָרען, דען ער האָט דערקענט דעם פֿירשט רימבאַך מיט זיין פֿרוי און טאָכטער.

— פֿעטער! — האָט ער אויסגערופֿען, — צי איז עס אָקאָרשט נישט אַנ׳אָבגערעדט טשפּיצעל, כ׳מיין דאָס פּלוצלונגע קראַנק־ווערען פֿון מיין מוטער, די רייזע קיין רוים און דאָס געפֿינען זיך דאָ פֿון דער פֿירשטליכער משפּחה?...

— אַי ביסטו מיר אַ חכם, מיין בחורל! — האָט דער גראַף געענטפֿערט. — יעצט אָבער בלייבט דיר איבער נור איין זאַך: צו מאַכען אַ גוטע מינע בײַם שלעכטען שפּיעל. איבריגענס, וואָס ריזיקירסטו דערביי? דו ווערסט פֿערברענגען אַ וואָך־צוויי העכסט אָנגענעהם אין דער שענסטער געזעלשאַפֿט, דערביי קאָנסטו זיך אַפֿילו זיין אויך אונליעבענסווירדיג געגען דער פּרינצעסין, און אויב זי וועט זיך דערנאָך אַליין אָבזאָגען פֿון דיר, וועט פֿאַר דיר נאָך לייכטער זיין צו שטעלען אַ ווידערשטאַנד דיין מוטער.

אַ קורצע צייט שפּעטער האָט דער גראַף אין היינריך׳ס בעגלייטונג זיך געלאָזט מעלדען בײַם פֿירשט, וועלכער האָט זיי תּיכּף אויפֿגענומען אויפֿ׳ן פֿריינדליכסטען אופֿן.

— ווי שען עס איז, — האָט די פּרינצעסין מעלאַניע געזאָגט, — וואָס מיר קאָנען צוזאַמען בעטראַכטען די גרויסע שטאָדט רוים! אויך מיר זענען ערשט נעכטען אַהער געקומען. עס איז אַזוי שווער צו קוקען און זעהן דאָ אַרום זיך אַלץ אַזוי, אַז עס זאָל ווירקען אויף דער נשמה, אי זיין אָנגענעהם פֿאַר די אויגען. דאָס רוב טוריסטען פֿערטהוען זייער גאַנצע צייט אויף די איינצעלהייטען. לויט מיין מיינונג אָבער, וואָלט מען בעסער געטהון, ווען מען זאָל צוערשט נעהמען אין אַכט דאָס גאַנצע בילד, וואָס די שטאָדט שטעלט־פֿאָר, כּדי ערשט דערנאָך אָבצוגעבען זיך מיט די איינצעלהייטען.

— איך בעוואונדער — האָט היינריך געענטפֿערט — אייער הויכע חכמה, פּרינצעסין, מיט וועלכער איהר אורטהיילט וועגען אַזאַ גרויסער אויפֿגאַבע, ווי די בעקאַנטשאַפֿט מיט רוים. מענשען מיט ווייניגער פֿערשטאַנד מאַכען עס אַנדערש: זיי זעצען זיך מיט זייער בעדעקער, וואו רוים ווערט בעשריבען און זוכען דאָרט דאָס, וואָס זיי האָבען געזעהען פֿערביי־גענדיג, אײַלענדיג זיך צום מיטאָג אין האָטעל, און דאָס רופֿען זיי אַן „רייזען און בע־טראַכטען רוים"! איך בעדויער נאָר, וואָס איך בין אַליין צום ערשטען מאָל אין לעבען אין רוים און קאָן נישט זיין אייער פֿיהרער, צו ווייזען אייך די וואונדערפֿולע זאַכען פֿון דער דאָזיגער וועלט־שטאָדט.

— חא — חא — האָט זיך צולאַכט דער פֿירשט — דערצו איז פֿאַראַן היבשע רפֿואות: רוים אָבצופֿערטיגען אין אַכט טעג! רוים צו זעהען אין דריי טעג! דאָס קומט מיר פֿאָר, ווי יענע בעליעבטע לעהר־ביכער, וועלכע זענען מבטיח אויסצולערנען עמיצען אין 12 שעה די קונסט, ווי אַזוי צו ווערען אַ פֿאָלקאָמער ענגלענדער!

— דאָס זענען רייזענדער — האָט די פֿירשטין געזאָגט — וועלכע קומען קיין רוים מיט דער כּוונה אַלץ צו זעהען מיט אַ מאָל, וועהרענד דאָ מוז מען איינצעלנע זאַכען אַליין בעטראַכטען גרינדליך וואָכען־לאַנג.

— דער דאָזיגער מין רייזענדער — האָט דער גראַף געזאָגט — בלייבט שטענדיג בײַ די ענינים חצונים און פֿאַר זיי איז דער עיקר נור דאָס פֿערגעניגען פֿון דער פֿערוויילונג.

נישט מעהר. דאָס בעסטע פערגעניגען פאַר זיי איז אָבער דער געשמאַקער מיטאָג אין האָטעל.

— מיר ווילען עס מאַכען אַנדערש,—האָט דער פירשט געזאָגט,—און אויב עס וועט אונז נישט געלונגען אַלץ צו זעהן יעצט, וועלען מיר שפּעטער קאָנען קומען נאָך אמאָל.

— ערלויבט מיר,—האָט דער גראַף געזאָגט,—צו זיין אייער פיהרער. איך בין שוין פיעל מאָל געוועזען אין רוים און קען די שטאָדט אויסגעצייכענט. איך שלאָג-פאָר אַלזאָ, אַז מיר זאָלען געהן היינט אין אָווענד נאָכ'ן מיטאָג-עסען אין פאַנטעאָן.

דער פאָרשלאַג איז אָנגענומען געוואָרען. הייגנטליך איז אָבער ביים מיטאָג נישט געוועזען, דען ער האָט זיך ענטשולדיגט דערמיט, וואָס ער ברויך צו שרייבען בריעף, און וועט דערביי עסען פאַר-זיך, אין זיין נומער.

אין אָווענד איז די געזעלשאַפט זיך צוזאַמענגעקומען, כדי צו לאָזען זיך אויף דער וואַנדערונג, מען מוז זעהן די אַלטע חורבות ביים שיין פון דער לבנה, ווייל דער שיין פון דער לבנה גיט-צו אַ מילדערן כאַראַקטער די פאָרמען. ביים דאָזיגען שיין בעמערקט מען נור דאָס אַלגעמיינע געשטאַלט, די גרויסאַרטיגקייט פון דער פאָרם. אָבער די שפּאַלטען און די צעבראָכענקייט. וואָס די טויזענדער יאָהרען האָבען געלאָזען אַלס סמנים, פערשווינדען. אפילו דער ברוינער מאָך, וועלכער איז אָנגעוואַקסען אין די פיעל יאָהרען, שיינט יעצט, ווי אַ גאָלדענע ציערונג אויף דעכער און געזימסען.

העכער הויבט זיך די לבנה, שטילער ווערט עס אויף די גאַסען; נאָר די ברונען גיסען זיך זייער פריש וואַסער אונערמידעט; דאָס וואַסער'ל ציהט זיך, שלענגעלט זיך, שפּינגעלט-אָב די זילבער-שטראַהלען פון דער לבנה, און אַלע שטערען שפּרינגען, דאַכט זיך, אַרום אין איהם.

אונזערע רייזענדער האָבען זיך געוואַנדערט דורך די שטילע גאַסען פון שטאָדט ביז'ן פאַנטעאָן, וואו עס שטעהען די בילדער און אָבגעטער פון פאַרצייטיגען געצענדיענערישען-רוים. אַ לאַנגע צייט האָבען אונזערע רייזענדער דאָ אַרומגעוואַנדערט אין שיין פון דער לבנה. ענדליך זענען זיי אַרויסגעקומען צוריק אויף דער פרישער וועלט.

— רוים,—האָט די פּרינצעסין געזאָגט,—שיינט צו זיין אַ גרויסער פּגר, און אָט דער פּלאַץ, ווייזט-אויס, ווי די טרומנע פונ'ם דאָזיגען פּגר. ווי גאָר אַנדערש האָט דאָס אַלץ געמוזט אויסזעהן מיט אַ פּאָר טויזענד יאָהר צוריק!

— אפשר וועלען מיר נאָך געהן אין קאָלאָסעאום?—האָט גראַף פערלעבערג געפרעגט.

— ניין,—האָט דער פירשט געזאָגט.—די איינדריקען, וועלכע מיר האָבען דאָ אויפגענומען צווישען די אַלטע פּגרים פון אַנ'אָבגעשטאָרבענער וועלט, ניבען אונז פיעל צום נאָכדענקען. לאָמיר אָקאָרשט געהן אַהיים צוריק און פערהאַלטען זיך רוהיג, ביז מיר וועלען דאָס אַלץ איבערארבייטען אין אונזער זכרון. לאָמיר זיך אויסרוהען; צו נייע איינדריקען אויף מאָרגען. קומט!

# 26. אין יודישען גהעטא.

שענע טעג האט היינריך פערבראכט אין דער געזעלשאפט פון זיין פעטער אין דער פירשטליכער פאמיליע. וואס א טאג מעהר האט ער אלץ מעהר געמוזט בעוואונדערן די איידעלקייט און דעם געבילדעטען גייסט פון דער יונגער פרינצעסין. זיי האבען צוזאמען געזעהען א גרויסען טייל פון רוים און געמאכט עקסקורסיעס. די פרינצעסין האט שטענדיג געפונען דאס ריכטיגע ווארט אבצושעצען דאס אדער יענץ פון אלע וואונדערשענע, געזעהענע זאכען.

ס'איז געווען א טריבער רעגען-טאג, ווען גראף פערלבערג האט פארגעשלאגען צו בעזוכען דאס רוימישע גהעטא. אין קיין ארט קאן מען נישט געפונען אזוי פיעל שמוץ, ווי אין די טרויעריגע גאסען אויפ'ן ברעג טיבער, וואו ס'געפינט זיך דאס יודישע גהעטא אין רוים. די דאזיגע גאסען געפונען זיך כמעט אונטער'ן שטאדט, אין דער נידער, און ציהען זיך אהן בעשיצונג אויף הפקר ביז אין בלאטיגען טייך אריין. די גאסען זענען דא שמאל, די הייזער ארים און שמוציג, די הויפען—עקעלהאפטיג, און דאך לעבט דוקא דא דער עלטסטער מאנומענט פון דער אלטער וועלט,— א מאנומענט, וועלכער לאכט פונ'ם טויט, וועלכער האט שוין איבערגעלעבט אלערליי ענדערונגען; טראהנען זענען איינגעפאלען, טעמפלען חרוב געווארען, הויכע פאלאצען זענען אונטער טייכען בלוט איינגעזונקען און אין פלאמען-פייער פערניכטעט געווארען, נאר אט דאס גרעטא-פאלק לעבט נאך אלץ אונטער די גרעסטע רדיפות און אבשפאטונגען פון גרעסטען פאנאטיזם, און וועט נאך לעבען לאנג ווייטער. אפילו ווען דער שטאלצער פעטער-קופל, וואס דערהויבט זיך וויים אין דער לופטען, וועט שוין זיין לאנג איינגעפאלען. די רוימישע יודישע קהלה איז, ווי דאס גאנצע יודישע פאלק, אונשטערבליך. פון דערווייטען איז זיך עס אנ'ארים בעשעפעניש, וואס פיהרט אנ'עלענד עקזיסטענץ, אבער קרעפטיג לעבען פליעסט אין איהר, און אט דאס לעבען דערהאלטען איהר שוין טויזענדער יאהרען...

ווען אונזערע בעקאנטע האבען זיך געלאזען גערן אין די גאסען פון דעם גהעטא, האט די פרינצעסין געזאגט:

— נאך מיט א לאנגער צייט פריהער. איידער מיר האבען אלס קינדער זיך בעקענט מיט דער רוימישער געשיכטע, האבען מיר שוין ארומגעוואנדעלט אונטער די פאלמען פון שכם און מיר זענען געגאנגען פון ירושלים קיין יריחו, לערנענדיג דערביי פלייסיג די ליעדער פונ'ם בעגייסטערטען זינגער, וועלכער האט זיי געזונגען אין גאלדענעם הויז אין ירושלים, בעגלייטענדיג זיך אויף דער „שמינית". דער ג—ט פון יעקב איז אויך געווען דאמאלס אונזער ג—ט, און זיין פאלק איז אויך געווארען אונזער פאלק; די יסורים פונ'ם דאזיגען פאלק זענען געווען אונזערע יסורים. ווי פעסט בלייבען ביי אונז אזעלכע איינדריקען פון דער יוגענד! ס'איז דעריבער קיין וואונדער נישט, וואס מיר שפירען נאך היינט אויך רחמנות פאר'ן דאזיגען פאלק, נאכמעהר: מיר בעוואונדערן עס. ווארום וואו געפינט זיך א פאלק, וואו געפינט זיך אנ'אומה, וואס האט אונטער טויזענדער יסורים, אונג ע יאמער און וועהטאג, זייענדיג געטראטען מיט די פיס, פערשאלטען און כמעט פערניכטעט, אין איינביגען פיין, הפקר, כבעט ווי די הוות פון פעלד, פערליערענדיג ווייב און קינדער

מלוכה און פאָטערלאַנד, מפקיר - זײַענדיג זײַן גאַנצען פערמעגען—האָט עס נאָר אײן זאַך נישט מפקיר געווען: זײַן האָפנונג! וואו איז אַנ׳אַנדער אמונה אַזוי מעכטיג! מיר, קריסטען, בעוואונדערן אונזערע מערטירער אין די ערשטע יאָהרהונדערטע פון קריסטענטום. — וואָס זענען די דאָזיגע מערטירער גענען די טויזענדער יודישע קדושים! די האָפנונג אויף דער ערפילונג פון די גרויסע הבטחות האָט זיי דערהאַלטען בײַ זייער גלויבען; זיי האָבען געווײנט און געקלאָגט—אָבער געהאָפט! די כוואַליעס פון טיבער האָבען זיך געטראָגען אין ים אַרײַן גלײַכגילטיג, שלעפענדיג דאָס שמוץ און עלענד פון די הינטערגאַסען, וועלכע זענען געווען אַרומגערינגעלט דורך שנאה און תאוה צו רויבען—און „דאָס אויסדערוועהלטע פאָלק״, „דאָס פאָלק פון אײגענטום״ האָט געלעבט און געלעבט. מיט אַ בלוטיגער פעדער, מיט אַ בושה אין פנים האָט די געשיכטע געשריבען אויף די רוימישע סלופּעס די יודישע געשיכטע; דאָרט קאָנען מיר זי לעזען אויפ׳ן שטאָלצען טיטוס-טויער—ס׳איז די געשיכטע פון רוים׳ס שאַנד און שענדונג. וואָס פאַר יסורים פאַר אַ פאָלק! וואָס פאַר אַ ריזען-קאַמף און שטילען ווידערשטאַנד, פול פערביסענער עקשנות גענען די מלכים און געטער פון דער נישט-יודישער וועלט! וואָס פאַר אַ וויסטער מיה-פולער מהלך פון גלות בבל ביז דער נײַער צײַט!—

מיר זעהען דעם וויסטען אַנטיוכוס עפּיפאַנוס, וועלכער האָט זיי אַרײַנגעשטעלט זײַן אָבגאָט אין בית-המקדש אַרײַן, ווי ער שפּאָט אָב פון יודען און פון דעם אויבערשטען, און אָט קומט די עפּאָכע פון יהודה המכבי מיט זײַערע געוואַלטיגע העלדען! מיר זעהען מיר זעהען,— אָה ס׳איז אַ קײַט פון העלדען און העלדישע מעשים! אָט זעהען מיר דאָס פאַנאַטישע קריסטענטום, וועלכע צווינגט די יודען אָנצוטהון דאָס שאַנד-קלייד מיט דער געלער לאַטע—יאָ, ערגער פאַר אַלע פריהערדיגע בעדריקער האָבען זיך בעגאַנגען מיט די יודען די קריסטען, וועלכע האָבען מיט בלוט און פײַער געבושעוועט גענען זיי אין אַ משך פון הונדערטער יאָהרען. און דאָך! די יודען האָבען געלעבט ווײַטער, געלעבט פול האָפנונג אין די שמוציגע פערדומפּענע גאַסען פון גהעטאָ, מיט אַ ריהרענדער קראַפט האָבען זיי זיך פעסטגעהאַלטען נישט האָבענדיג קײַן הימעל פול מלאכים...

הײַנריך האָט פערוואונדערט די פירשטין ריבען מיט אַזאַ פײַער וועגען יודען. פון וואַנען האָט זיך דאָס גענומען בײַ אַזאַ יונג מײדעל אַזעלכע גרויסאַרטיגע אָנשויאונגען וועגען יודישען פאָלק? בײַ די לעצטע ווערטער, אָבער, ווען זי האָט געזאָגט, אַז „ווײַל די יודען האָבען נישט קײַן הימעל מיט מלאכים, האַלטען זיי זיך פעסט אָן דעם לעבען אויף דער ערד״—האָט ער זי איבערגעשלאָגען:

— גנעדיגע פירשטין—האָט ער געזאָגט—איך בעוואונדער די טיעפקײַט, מיט וועלכען אײַער גײַסט איז אַרײַנגעדרונגען אין די געשיכטע פון יודישען פאָלק. אָבער איהר האָט נאָך די אָנשויאונגען פון פיעל קריסטען, אַז דאָס יודענטום האַלט נישט פון עולם הבא. אמת, אין תנ״ך זעהט נישט אַרויס דער אויבערפלעכליכער לעזער די אמונה פון השאָרת-הנפש אין עולם הבא, אָבער די יודישע טראַדיציע, דער תלמוד, ערקלערט אונז דעם ענין און פון זיי ווייסען מיר, אַז די אמונה אין תחית-המתים און עולם-הבא געהערען צו די יסודות פון דער יודישער רעליגיע.

— פאַר מיר, הערר ווײַלאַנד, איז גאַנץ נײַ דאָס, וואָס איהר זאָגט. מיך האָט מען געלערנט, אַז די דאָגמאַ פון השאָרת-הנפש איז דער הויפּט-אונטערשיעד צווישען קריס

אין צירקוס מאַקסימוס, וואו עס פֿלעגען אַ מאָל זיך צוזאַמענקומען הונדערט טויזנט מענשען, געפֿינט זיך יעצט דער יודישער בית-החיים. דאָ גיעסט זיך פֿויל די שמוציגע מזרח צווישען טרויעריגע גראָזען און אָרימע מצבות, וועלכע ווייזען דעם אָרט, וואו ס'רוהען די, וועלכע האָבען אַזוי פֿיעל זיך אָנגעליטען אויף דער ערד און האָבען געפֿונען זייער גאַנצע טרייסט און זייער ערגעבענהייט און געטריַהייט דעם איינציגען שעפֿער פֿון דער וועלט.

אָט וועלכע עס זענען געווען די געדאַנקען, וועלכע האָבען ערפֿילט היינריכס האַרץ, ווען די געזעלשאַפֿט איז געגאַנגען צוריק אַ היים.

און ער, צי האָט ער דען נישט געהאַלטען ביי'ם ווערען אונגעטריי דעם ג—ט פֿון זיינע אבות?

געבען איהם איז געגאַנגען די שענע יונגע פֿירשטין, בעחנ'ט מיט אַלץ, וואָס קאָן נור קויפֿען דאָס חאַרץ פֿון אַ מענשען און ער האָט נור געבראויכט די הענד אויסצושטרעקען, כדי צו בעקומען אָט די פֿרוי פֿאַר אַ ווייב און צוזאַמען מיט איהר—אַ יהר גרויסע עשירות און כבוד און אַ וועלט-נאָמען און דערצו די גלענצענדסטע אויסזיכטען אויף מאַכט און רוהם!

ווי בלאַס איז יעצט געבליבען ביי איהם אין זכרון דאָס בילד פֿונ'ם איינפֿאַכען יודישען מיידעל, וועלכע ער האָט איבערגעלאָזען דאָרט אין האַמבורג און מיט וועלכער ער האָט זיך געזעגענט צו פֿעראייניגען אויף אייביג! ווי שוואַך זענען יעצט געוואָרען אַלע זיינע פּרינציפּען און ענטשלוסען, און דאָס סך הכל אין עטליכע טעג בלויז!...

איין אויגענבליק האָט היינריך געטראַכט צו אַנטלויפֿען פֿונ'ם נעץ, וועלכען מען האָט אַרום איהם אויסגעשפּינען. אָבער ענטשליסען זיך דערויף האָט ער נישט געקאָנט. זיינע אויגען, זיין זין איז אַזוי שטאַרק איינגענומען דורך דער שענער פֿירשטין, אַז ער האָט נישט געפֿונען אין זיך קיין קראַפֿט צו שטעלען זיך איהר ענטקעגען. ער האָט יעצט געהאַט גענוג געלעגענהייט צו בעקענען זיך מיט דער פּרינצעסין, צו בעוואונדערען איהר שענעם גייסט, איהר פֿערשטאַנד און איהרע טיעפֿע ידיעות. צי האָט ער זיך דען נישט געדאַרפֿט שעצען גליקליך אַזאַ ווייב צו האָבען. אָט דאָ ערשט האָט זי דאָך איהם דערוויזען, ווי טיעף און קלוג זי האָט פֿערשטאַנען די יודישע געשיכטע, דאָס שיקזאַל פֿון יודישען פֿאָלק. דעם זעלבען געבילדעטען גייסט האָט זי אַרויסגעוויזען, בעטראַכטענדיג די רוימישע קונסט-אוצרות.

— צי איז דען נישט יעדען קרבן כדאי צו ברענגען, אַבי נור אַזאַ ווייב צו בעקומען? — האָט היינריך זיך געטראַכט. צי איז עס דען נישט דאָס גרעסטע גליק פֿון לעבען צו האָבען דאָס גאַנצע לעבען אַזאַ חבר'טע? און צי וועט ער דען באמת בעגעהן אַ גרויסען פֿערברעכען, ווען ער וועט זיך אָבזאָגען פֿון אַ רעליגיע, אין וועלכער ער איז נישט ערצויגען געוואָרען און מיט וועלכער ער האָט זיך בעקענט ערשט זינט אַ פּאָר מאָנאַטען? ווער האָט דען געוואוסט, אַז ער איז אַ יוד? סך הכל דריי—פֿיער מענשען! צי האָט דען אַלזאָ זיין אָבזאָגען זיך פֿון דער יודישער אמונה געקאָנט הייסען שמד? די פֿעראַנטוואָרטליכקייט פֿאַר זיין שריט וואָלט אַלענפֿאַלס געדאַרפֿט האָבען נישט ער, נאָר זיין מוטער.

מיגנטים און יודענטום. ביי דער געלעגנהייט וויל איך אייך בעטען, איהר זאלט מיר זכרער מאכען דעם דאזיגען ענין און אנווייזען מיר ערטער אין תנ"ך, וואו ס'געפינט זיך א רמז דערויף אין תנ"ך.

די געזעלשאפט האט זיך געפונען יעצט ביי'ם רעשט פארטיקוס פון דער האלע אקטאוויא. דא זענען מיט העלבער אכצעהן הונדערט יאהר צוריק טיטוס געשטאנען און זיין פאטער אספסינוס ביי דער פארבערייטונג פונ'ם טריאומף-צוג, אין וועלכען די יודען האבען געשפילט דערנאך א טרויעריג שרעקליכע ראליע דא איז יעצט פונאנדערגעווארפען דער גרעסטער שמוץ פון רוים, דען דא געפינט זיך דער פער'עפוש'טער רוימישער פיש-מארק, די רט נעבען דער גהעטא, וועלכע זינקט פשוט אין שמוץ, כדי עס זאל ערפילט ווערען ואס, וואס דער נביא האט פאראויסגעזאגט: „ס'איז אבגעטהון געווארען פון דער טאכטער ציון איהר גאנצע ציערונג; איהר אומפלייט קלעבט אן איהרע קליידער". דא געפינט זיך אויך יענע טרויעריג-בעוואוסטע קירכע סענט אנגעלא, וואוהין יודען זענען געטריבען געווארען, ווי די ווילדע חיות, כדי צו הערען די דרשות פון די גלחים, וואס האבען גנזידעלט דאס יודענטום. דא איז דער „עמק הבכא" — פיאצא דעל פיאנטא, וועלכער דערמאהנט אן ירמיה הנביא'ס ווערטער: „איך שטרעק-אויס מיין ארעם און וויין; איך וויין און פון מיינע אויגען פליעסען טרעהרען ווי וואסער, און ס'איז נישטא קיינער, ווער עס זאל מיך טרייסטען".

טיטוס'עס טריאומף-בויגען האט געמאכט אויף היינריכען א געוואלדיגען איינדרוק. מען קאן דארט נאך עד-היום לעזען דייטליך די אויפשריפט אין לאטייניש, אז דער רוימישער סענאט און דאס רוימישע פאלק האבען געווידמעט דעם דאזיגען טריאומף-בויגען דעם געטליכען טיטוס, דעם זוהן פון געטליכען אספסינוס; אויף די זייטיגע ווענד קאמען דארט נאך עד היום זעהן די אבבילדונג פון די הייליגע כלים פון בית-המקדש. ביי היינריכען האבען זיך געשטעלט טרעהרען אין די אויגען, ווען ער האט דערזעהן דעם דאזיגען מאנומענט פון דער חרפה פון זיין פאלק. ער האט זיך אבער געהיט צו בעווייזען זיינע טרעהרען פאר די זייטיגע מענשען.

א שפאציער דורכ'ן רוימישען גהעטא איז דער טרויעריגסטער, וואס מען קאן זיך פארשטעלען. דא שטעהען און זיצען די זיהן און טעכטער פון פאלק ישראל ביי זייערע ארימע קרעמלעך און טישלעך, אדער ביי זייערע פינסטערע און שמוציגע וואוינונגען. אוינגען פון טיעפען קומער און יאמער קוקען פון דאנגען ארוים אויפ'ן פערבייגעהער. אומזיסט וועט מען זוכען א שמייכעל אויף זייער פנים, אומזיסט א פרעהליכע מיענע. פון איין פינסטער הייזעל הערט זיך דאס שפיעלען פון א גיטארע אין דער בעגלייטונג פון א מענשליכער שטימע; קיין ווערטער הערט מען נישט, אבער דארט אתטען רוישט דער טיבער און דעם צוהערער דאכט זיך, אז ער הערט די טרויעריגע ווערטער:

„על נהרות בבל שם ישבנו גם בכינו,
בזכרנו את ציון;
על ערבים בתוכה תלינו כנורותינו".

אויף די טייכען פון בבל זענען מיר געזעסען און געוויינט, דערמאהנענדיג ציון; אויף די ווערבעס האבען מיר אויפגעהאנגען אונזערע הארפען. —

די מוטער! זיין האַרץ איז פֿול ביטערקייט געווען, ווען ער האָט זיך אָן אָט דער מוטער דערמאָהנט. זי האָט איהם פֿון זיך פֿערשטויסען, ווען ער איז נאָך אַ קינד געווען און יעצט שטויסט זי איהם ווידער, אַז ער זאָל ווערען אונטרײַ געגען זיין פֿאָלק, געגען דער אמונה פֿון זיין פֿאָלק. ניין, דער דאָזיגער מוטער איז ער נישט מחויב צו האָרכען.

אָבער די פּרינצעסין האָט זיך געווענדעט צו איהם מיט אַ זיס שמייכעלע.

— פֿאַרוואָס עפּיס אַזוי פֿערטראַכט, אַזוי ערנסט, העהר ווייַלאַנד?

הײַנריכ׳ס האַרץ האָט זיך אַ צאַפּעל געטהון, נײַע געפֿיהלען האָבען זיך געשטאַרקט אין איהם...

---

# 27. חרטה און תשובה.

ווען הײַנריך איז געקומען צוריק אין זיין האָטעל, האָט מען איהם דערלאַנגט אַ טעלעגראַמע פֿון פֿירשט מאָנטעווערגריאָ, וועלכער האָט איהם געמעלדעט, אַז די פֿירשטין איז געפֿעהרליך קראַנק געוואָרען און זי האָט פֿערלאָרען די האָפֿנונג ווידער געזונד צו ווערען. זי בעט דעריבער דרינגענד איהר זוהן, אַז ער זאָל תיכף קומען קיין פֿלאָרענץ, כדי צו געזעגענען זיך מיט איהר פֿאַר׳ן טויט.

הײַנריך האָט זיך דערשראָקען, אין איהם האָט זיך דערוועקט אַ געדאַנק, אַז ער אַליין איז שולדיג אין זיין מוטער׳ס קראַנק, דען ער האָט איהר פֿערשאַפֿט שברון-לב דורך זיין אָבזאָגען זיך צו ערפֿילען איהרע פּלענער.

הײַנריך איז תיכף אַרײַנגעקומען אין צימער פֿון גראַף.

— פֿעטער—האָט ער געזאָגט, דערלאַנגענדיג איהם די טעלעגראַמע,— נעהם לייען! איך מוז תיכף אָבפֿאָהרען; אין אַ האַלבע שעה אַרום געהט-אָב דער צוג. ענטשולדיג מיך בײַם פֿירשט און זײַנע לײַט. ס׳איז מיר אונמעגליך צו געהן נעהמען פֿון זיי אַבשייד.

גראַף פֿערלעבערג האָט איהם צוגעזאָגט צו בעטען ענטשולדיגונג פֿאַר איהם. הײַנריך האָט זיך אויף געשווינד געזעגענט מיט׳ן גראַף און איז אַוועק צום וואָקזאַל.

ווען ער איז געקומען מיט׳ן צוג קיין פֿלאָרענץ, האָט איהם אויף דער פּלאַטפֿאָרמע אָבגעשטעלט אַ פֿאָרנעהמער העהר.

— העהר ווײַלאַנד?—האָט ער איהם געפֿרעגט.

הײַנריך האָט זיך פֿערבויגען.

— איך האָב גײַך דערקענט צוליעב אײַער עהנליכקייט מיט אײַער מוטער. מײַן נאָמען איז מאָנטעווערגריאָ.

— דורכלויכט—האָט הײַנריך אויסגערופֿען—וואָס מאַכט מײַן מוטער?

— זי איז זעהר קראַנק און זי גלויבט, אַז זי מוז שטאַרבען. די דאָקטוירים אָבער זאָגען זיך נישט אָב פֿון יעדער האָפֿנונג.

דער פֿירשט האָט צוגעפֿיהרט הײַנריכ׳ען צו זײַן קאַרעטע און זיי זענען אָבגעפֿאָהרען צוזאַמען אין האָטעל. דאָרט האָט דער פֿירשט געבעטען הײַנריכ׳ען צו וואַרטען אַ ווײַלע אין זאַל, דען ער האָט פֿריהער געוואָלט מעלדען דער פֿירשטין זיין אָנקונפֿט.

אַ פּאָר מִינוּט שפּעֶטעֶר אִיז אַרויסגעֶקוּמעֶן אַ בּעֶדִיענטעֶר אוּן אײַנגעֶלאַדעֶן הַײנרִיכ'ן אַרײַנצוּגעֶהן צוּ זײַן קראַנקעֶר מוּטעֶר.

יאָזעֶפִינעֶ אִיז געֶלעֶגעֶן אִין אִיהר בּעֶט קראַנק אָבּגעֶצעֶהרט. זִי האָט נִישט דעֶרהעֶרט ד שרִיט פוּן אַרײַנקוּמעֶנדעֶן. הַײנרִיך האָט אָנגעֶנוּמעֶן דִי האַנד פוּן דעֶר קראַנקעֶר אוּן בּעֶ־דעֶקט זִי מִיט קוּשעֶן.

— געֶלוֹיבּט דעֶר אוֹיבּעֶרשטעֶר, וואָס דוּ בִּיזט דאָ, הַײנרִיך!—האָט זִי געֶזאָגט.—ווִי שטאַרק דאָבּ אִיך געֶבּעֶנקט נאָך אָט דעֶם מאָמעֶנט! אִיך האָבּ נִישט געֶקאָנט שטאַרבּעֶן, אײדעֶר אִיך האָבּ זִיך נאָך אײן מאָל מִיט דִיר נִישט געֶזעֶהן.

— רײד נִישט אַזוֹי, מאַמעֶ,—האָט הַײנרִיך געֶזאָגט.—דוּ ווִעסט נאָך ווִיעדעֶר געֶזוּנד ווערעֶן אוּן אִיך ווִעל זִיך בּעֶמִיהעֶן דוּרכ'ן אײַנגעֶהן אוֹיף דײַנעֶ פלעֶגעֶר צוּ מאַכעֶן דִיך גִיכעֶר געֶזוּנד.

— אוּנגלִיקלִיכעֶר, שטעֶל זִיך אָבּ! טאַקי אָט דִי פלעֶגעֶר האָבּעֶן מִיך געֶבּראַכט אוֹיף מײַן קראַנקעֶן בּעֶט! זִינט גראַף פּעֶרלעֶבּעֶרג האָט דִיך אָבּגעֶפִיהרט קײן רוּים, האָבּ אִיך פעֶרלאָרעֶן מײַן רוּה. ווִי נוּר אִיך פעֶרמאַך דִי אוֹיגעֶן אוּן ווִיל אײַנשלאָפעֶן, עֶרשײַנט מִיר דעֶר גײַסט פוּן מײַן פאָטעֶר אוּן בּעֶשִיט מִיך מִיט דִי בִּיטעֶרסטעֶ פאָרוואוּרפעֶן. פאָ־רִיגעֶ נאַכט אִיז צוּזאַמעֶן מִיט מײַן פאָטעֶרס גײַסט עֶרשִיענעֶן אוֹיך דעֶר גײַסט פוּן דײַן פאָטעֶר, מײַן עֶרשטעֶן מאַן. בּײדעֶ האָבּעֶן מִיר געֶמאַכט דִי שוועֶרסטעֶ פאָרוואוּרפעֶן. „אוּנגלִיקלִיכעֶ—האָט מײַן פאָטעֶר געֶ'טעֶנה'ט—דוּ האָסט אָבּגעֶלײקעֶנט דִי אמוּנה פוּן דײַנעֶ עֶלטעֶרן, בִּיזט געֶוואָרעֶן אָבּטרוּנִיג פוּן אוּנזעֶר ג—ט, פוּנ'ם ג—ט פוּן פאָלק ישראל, כּדי צוּ בּעֶפרִידִיגעֶן דײַן תּאוה צוּ כּבוד אוּן דִי שלעֶכטעֶ תּאוות פוּן דײַן האַרצעֶן! יעֶצט ווִילסטוּ מאַכעֶן אָבּטרוּנִיג מײַן גאַנצעֶן דוֹר, ווִילסט מײַן אײנִיקעֶל אײַנפלעֶכטעֶן אִין דִי שטרִיק פוּן תּאוות, כּדי עֶר זאָל אוֹיך אָבּווענדעֶן זִיך פוּנ'ם פאָלק ישראל.—אוּן מײַן מאַן, דײַן פאָטעֶר, האָט געֶזאָגט: — יאָזעֶפִינעֶ, דִיך האָבּ אִיך אַ מאָל דאָך אַזוֹי לִיעבּ געֶהאַט, ווִי שווער האָסטוּ געֶגעֶן מִיר זִיך פעֶרזִינדִיגט! דוּ הײַסט מײַן זוהן פוּן זִיך פעֶרשטוֹיסעֶן; פרעֶמדעֶ לײַט האָסטוּ אִיהם אִיבּעֶרגעֶגעֶבּעֶן; דִי לִיעבּעֶ פוּן אַ מוּטעֶר האָסטוּ בּײַ אִיהם צוּ־געֶנוּמעֶן, ווִעלכעֶ געֶהעֶרט אִיהם פוּן דעֶר נאַטוּר. דוּ האָסט אִיהם געֶלאָזעֶן געֶבּעֶן אַ נִישט יוּדִישעֶ עֶרצִיהוּנג, כאָטש דוּ האָסט געֶוואוּסט, אַז אִיך בִּין שטעֶנדִיג מִיט לײַבּ אוּן זעֶלעֶ געֶווען עֶרגעֶבּעֶן דעֶם אוֹיבּעֶרשטעֶן, אוּן יעֶצט, ווען מײַן זוהן האָט דוּרך דעֶם אוֹיבּעֶר־שטעֶנס וואוּנדעֶרבּאַרעֶ השגחה זִיך צוּ געֶווענדעֶט צוּ ג—ט פוּן ישראל, שטרעֶקסטוּ אִיהם אוֹיס אַ נעֶץ, כּדי אָבּצוּצִיהעֶן אִיהם מִיט געֶוואַלט פוּן אַלץ, וואָס אִיז רעֶכט אוּן גוּט, כּדי אִיהם צוּ פעֶרקוֹיפעֶן פאַר עשירוּת אוּן כּבוד, ווִעלכעֶ האַלטעֶן זִיך נוּר אַ געֶווִיסעֶ צײַט ווִי דוּ האָסט זִיך אַלײן פעֶרקוֹיפט!—

יאָזעֶפִינעֶ אִיז עֶנטשווִיגעֶן געֶוואָרעֶן מִיעד אוּן אָהן כּחות; אוֹיך הַײנרִיך האָט זִיך נִישט דעֶרוואוֹיעֶן אִיבּעֶרצוּרײַסעֶן דִי שטִילקײַט. דִי מִיטטײלוּנגעֶן פוּן זײַן מוּטעֶר האָבּעֶן געֶמאַכט אַ געֶוואַלדִיגעֶן אײַנדרוּק אוֹיף אִיהם. יעֶצט זעֶנעֶן דִי אײַנדרִיקעֶן פוּן דִי לעֶצטעֶ טעֶג גאָר פעֶרשוואוּנדעֶן געֶוואָרעֶן. דִי געֶשטאַלט פוּן דעֶר פּרִינצעֶסִין מעֶלאַנִיעֶ, ווִעלכעֶ האָט נאָך נעֶכטעֶן אִינגאַנצעֶן עֶרפִילט זײַן פאַנטאַזִיעֶ, אִיז יעֶצט פלוּצלוּנג בּלאַס געֶוואָרעֶן אוּן האָט אָנגעֶהוֹיבּעֶן פעֶרשווִינדעֶן; עֶר האָט זִיך ווִיעדעֶר דעֶרשפִּירט אִין קרײַז פוּן זײַנעֶ

פריהערדיגע גערַאנקען און ענטשלוסען, וועלכע האָבען איהם אָנגעפּולט אינגאַנצען, איידער ער איז אָבגעפּאָהרען קיין רוים.

— מאַמע—האָט ער געזאָגט נאָך אַ לענגערער פּויזע—בערוהיג זיך; דו האָסט מיך געלאָזען רופען אַהער אין ריכטיגען מאָמענט. אַ פּאָר שעה שפּעטער וואָלט איך שוין געהאַט ערקלערט דער פּרינצעסין, אַז איך וויל מיט איהר חתונה האָבען און איך וואָלט געווען געבונדען אויף מיין גאַנצען לעבען. אָבער אַ דאַנק דעם אויבערשטען, דעם שריט האָב איך נאָך נישט געטהון און זינט איך בין ווידער פריי געוואָרען פון׳ם דאָרטיגען צויבער-קרייז, שפּיר איך זיך ווידער גענוג קרעפטיג, צו קאָנען זיך האַלטען ביי דעם, וואָס מיין היילינגער הוב איז. איך בין אַלס יוד געבאָרען און וויל אַלס יוד לעבען און שטאַרבען!

יאָזעפינע האָט זיך אויפגעהויבען אין איהר בעט, האָט אַרומגענומען מיט איהרע ביידע אָרעמס איהר זוהן און איהם געקושט אין שטערן.

— זיי געבענשט, מיין זוהן—האָט זי געזאָגט-פאַר׳ן דאָזיגען וואָרט דיינעם. צו גיסט מיר צוריק די רוה, מיין צופריעדענהייט פון האַרצען! איך האָב זיך שווער פערזינדיגט געגען דיר, דאָס לעצטע מאָל נאָך מעהר ווי פריהער. איך האָב דיך געשטעלט פאַר אַ נסיון, וואָס נישט פיעל וואָלטען עס ביישטעהן. דו האָסט אָבער מנצח געווען, דו ביזט באמת אַ העלד! זאָל דער אויבערשטער דיך בענשען און לאָזען דיך ווערען אַזוי גליקליך, ווי דו פערדיענסט עס. יעצט קאָן איך רוהיג שטאַרבען; יעצט זענען די היילינגע נשמות פון מיין פאָטער און מיין מאַן שוין צופריעדען — פאָהר, מיין קינד, קיין דייטשלאַנד און ברענג אַ האַרציגען געריס דיין ליעבער יודישער כלה און אַ ברכה פון דיין שטערבענדער מוטער.

ביי היינריכען האָבען זיך בעוויזען טרעהרען אין די אויגען. ער האָט אָנגענומען די האַנד פון זיין מוטער און זי בעדעקט מיט קושען.

— רייד נישט אַזוי, מאַמע, — האָט ער געזאָגט — דו וועסט נאָך געזונד ווערען און לאַנג לעבען. איך אָבער וועל פון דאַנען נישט אָבפּאָהרען, ביז דו וועסט פאָלקאָם געזונד ווערען.

—ניין, ניין, מיין זוהן! דו מוזט שוין פאָהרען! תיכף זאָלסטו מיך פערלאָזען און חתונה האָבען אויפ׳ן יודישען אופן מיט דיין יודישער כלה! נור דערין, וואָס דו וועסט חתונה האָבען מיט אַ יודיש קינד, ליעגט מיר די פעסטע פערזיכערונג, אַז דו וועסט אַ יוד בלייבען און וועסט ווידער נישט קומען אין געפאַהר צו ווערען אונגעטריי דיין בעשלום. פערשטעה מיך גוט, מיין קינד! איך צווייפעל נישט אין דער פעסטקייט פון דיין כאַראַקטער, אָבער דו האָסט געהאַט אַ נישט-יודישע ערציהונג און די איינדרוקען פון דער קינדהייט זענען שטאַרקער, ווי מיר מיינען. זאָג נישט ניין, מיין קינד! געה און גרייט זיך צו צום אָבפאָהרען.

— דו פערלאַנגסט פון מיר אַ שווערע זאַך, מאַמע!

— פון קינדרווייז אָן — האָט היינריך געערעדט נאָך אַ קורצער פּויזע — האָב איך געבענקט נאָך דער מינוט, אין וועלכער איך וועל קאָנען צודריקען צום האַרצען מיין מוטער, און יעצט ווען איך האָב דיך ענדליך געפונען און אונזערע וואונשען שטימען איין, דען

איך קאָן דיר דערחײַזען מײַן · קינדליכע ליעבשאַפֿט, פֿערלאַנגסט פֿון מיר, אַז איך זאָל דיך פֿערלאָזען, ווען דו ליעגסט קראַנק! צי הער איך דען קאָנען געפֿינען רוה, זאָרגענדיג וועגען דיר?

— יַמן געליעבטער, יַטערער זוהן! פֿאָלג מיך און פֿאָהר-אָב תיכף, וואָס-מעגליכער תּון דאַנען, כדי צו בינדען זיך מיט די פֿעסטע בינד פֿון יודענטום. מײַנע טעג זענען געצעהלט; געזונד ווערען וועל איך שוין נישט. אויב עס זאָל מיר אויסקומען צו שטאַרבען, ווערהענגד דו וועסט זיך נאָך געפֿינען אין דער סביבה,—וואָס פֿאַר איהר אײַנפֿלוס אויף דיר האָב איך אַזוי שטאַרק מורא,—וועל איך מיט יסורים און צער דאַרפֿען לעגען זיך אין קבר. אויב די ליעבסט מיך באמת, פֿערלאָז דאָס היגע לאַנד תיכף און האָב חתונה מיט דער יודישער טאָכטער, וועלכע דו האָסט זיך געהאַט אויסגעוועהלט; טהו דאָס וואָס-גיכער, וואָס-גיכער! און אַצינד געה, מײַן זוהן! פֿאַר דײַן אָבפֿאָהרען קום אַרײַן צו מיר געזעגענען זיך.

היינריך איז אַוועקגעגאַנגען, אין פֿאָדערצימער האָט איהם אָבגעוואַרט יַין שטיעפֿפֿאָטער, דער פֿירשט מאָנטעוועגריאָ און געבעטען איהם צו זיך אין קאַבינעט אַרײַן.

ווען זיי האָבען בײַדע זיך אַנידערגעזעצט, האָט דער פֿירשט געזאָגט:

— מײַן יונגער פרײַנד! איך האָב געגלויבט, אַז עס ווערט מיר אויסקומען אַרײַנצוטרעטען מיט דיר אין נאָהענטערע בעציהונגען, אָבער אַנדערע געדאַנקען האָבען ערפֿילט דײַן מוטער׳ס האַרץ און פֿון די דאָזיגע פלענער איז גאָרנישט געוואָרען. איך וועל אײַך מודה זײַן דעם אמת, אַז דער דאָזיגער סוף איז פֿאַר מיר נישט גאַר אונאָנגענעהם. אויב איך וואָלט מוזען ערפֿילען דעם פֿערלאַנג פֿון אײַער מוטער און אָנערקענען אײַך פֿאַר אַ זוהן, וואָלט איך דאַדורך געקומען אין קאָנפֿליקט מיט די אַפּוטרופּסים פֿון מײַן הויז און אַזאַ קאָנפֿליקט וואָלט מיר פֿערשאַפֿען פֿיעל עגמת-נפש. פֿונדעסטוועגען וואָלט איך ערפֿילט דעם וואונש פֿון אײַער מוטער, דער פֿירשטין, און גענומען אויף זיך אַלע עגמת נפש און יסורים, וואָס די זאַך וואָלט מיר פֿערשאַפֿט. ליעבער איז מיר אָבער, אַז די זאַך האָט זיך אויסגעלאָזען אַנדערש. — ערלויבט-זשע מיר יעצט, מײַן פרײַנד, צו ערפֿילען אַנ׳אַנדער וואונש פֿון מײַן פֿרוי. פֿאַר מײַן חתונה האָט אײַער מוטער איבערגעגעבען דעם גראַף פערלעבערג אײַער פֿאָטערס פֿערמעגען. ווי איך האָב זיך דערוואוסט, האָט מען עס אײַך יעצט אָבגעגעבען. די פֿירשטין פֿערלאַנגט יעצט, אַז איך זאָל אײַך אָבגעבען די סומע, וועלכע זי האָט אַליין געירש׳ענט פֿון איהר פֿאָטער און וועלכע בעטרעפֿט 700 טויזענד פֿראַנק. דאָס דאָזיגע געלד האָב איך איבערגעגעבען אַ היגען באַנקיר אויף אײַער נאָמען און איהר קאָנט עס בײַ איהם אָבנעהמען אין יעדער צײַט. איך ברויך אײַך גאָרנישט צו זאָגען, דאָס איך ערפֿיל דעם דאָזיגען וואונש פֿון דער פֿירשטין גערן און אַז איך געפֿין, דאָס איהר האָט פֿאָלקאָם דאָס רעכט אויף דעם דאָזיגען קאַפּיטאַל. דאָס איז די כשר׳ה ירושה פֿון אײַער מוטער און לויט׳ן רעכט געהערט עס צו אײַך.

— גנעדיגער פֿירשט, — האָט היינריך געזאָגט — אײַער גוטסקייט איבעראַשט מיך, און איך זאָג אײַך אַרויס מײַן הערצליכען דאַנק פֿאַר אײַערע גוט-געמיינטע כונות. אָבער ערלויבט מיר אײַך צו ערקלערען, אַז איך קאָן אײַער פֿאָרשלאַג נישט אָננעהמען. איך האָף און הויגע, אַז מײַן מוטער ווערט אינגיכען געזונד ווערען און איך זאָגן, זײַ-

רינגסטער הערד, ווינש איך אַ לאַנגגען עלטער. אויב אָבּער מיין מוטער זאָל איך איבּער-לעבּען...

— זאָרגט נישט — האָט דער פירשט איהם איבּערגעריסען מיט אַ שמייכעל — אין אַזאַ פאַל וועט די פירשטין מאַנטעוועגריאַ זיין אַזוי גוט בּעזאָרגט, אַז זי וועט נישט דאַרפען אָנקומען צום פערמעגען פון איהר פאָטער, וואָס געהערט על פּי יושר איהר זוהן. איהר קאָנט אַלזאָ אָננעהמען מיין פאָרשלאַג אָהן קיין שום מורא.

הײנריך האָט זיך שוין מעהר נישט אָבּגעזאָגט. נאָכדעם ווי ער האָט זיך צו-גע-גרייט צו דער רייזע, איז ער ווידער אַריינגעקומען צו זיין מוטער. דאָס נעהמען אָבּשיעד איז נישט אַזוי האַרצרייסענד, ווי ער האָט ערוואַרטעט.

זיין מוטער האָט איהם אויפגענומען מיט די ווערטער פון אונזער טעגליכע תפלה:

— מה אנו ומה חיינו — וואָס זענען מיר, האָס איז אונזער לעבּען און אונזער קראַפט? אַלע העלדען זענען מיר פאַר דעם איבּערשטען ווי גאָר נישט, און אונזערע בּעריהמטע לייט זענען ווי גאָר נישט געוועזען, די חכמים — ווי אָהן פערשטאַנד, און די פערנינפטיגע — ווי אָהן זין, ווייל אַלע זייערע מעשים זענען נישטיג און די מעג פון זייער לעבּען — הבל הבלים; דער מענש איז נישט קיין גרעסערער מיוחס פאַר דער בּהמה און אַלץ איז הבל. מיר אָבּער זענען דיין פאָלק, די קינדער פון דיין בונד, די זיהן פון דיין געליעבּטען אברהם, די יורשים פון דיין אָפּפער-ווילינגען יצחק, די קינדער פון יעקב, וועלכען ג—ט האָט אין זיין ליעבּשאַפט אַ נאָמען געגעבּען ישראל און ישורון. וואויל איז צו אונז, ווי גוט איז אונזער אָנטייל, ווי אָנגענעהמען אונזער שיקזאַל, אַז מיר קאָנען טעגליך צוויי מאָל אויסרופען:

„שמע ישראל ד׳ אלקינו, ד׳ אחד!“

יאָזעפינע איז ענטשוויגען געוואָרען. הײנריך האָט פערשטאַנען זעהר גוט, אַז זיין מוטער האָט מיט׳ן דאָזיגען אויסרוף געוואָלט בּעשטעטיגען, אַז זי קעהרט זיך צוריק צום גלויבּען פון איהר פאָלק. אין זיינע אויגען האָבּען זיך געשטעלט טרעהרען.

— בּענש מיך, מאַמע! — האָט ער געזאָגט.

יאָזעפינע האָט אַרויפגעלעגט איהרע הענד אויף זיין קאָפּ און געזאָגט.

— „ישימך אלקים כאפרים וכמנשה!“ — זאָל דער איבּערשטער דיך מאַכען ווי אפרים און מנשה.

---

# 28. צוריק צום יודענטום.

ס׳איז געוועזען חול המועד פסח. דאָס וואַרימע וועטער האָט זיך אָנגעהויבּען פריה-צייטיג. אפילו אין צפון-דייטשלאַנד, אין האַמבּורג, האָבּען די בּוימער שוין אָנגעהויבּען זיך בּעציערען מיט בּלומען.

— חולדה — האָט פרוי וואָלף געזאָגט צו איהר טאָכטער — אפשר וועלען מיר געהן אַ ווייליע שפּאַציערען? איך האָב נאָך נישט געמאַכט די בּרכה אויף בּליהענדע בּוימער.

— ליעבּע מוטער — האָט חולדה געענטפערט — אָט, דאָ בּיי ייזער שכן אין גאָרטען שטעהט אַ קערשענבּוים, בּעשאָטען מיט בּלומען; מאַך אַ בּרכה.

— דו ווילסט בעסער בלייבען אין דער היים, איך פאָדער אָבער פון דיר, אַז דו זאָלסט מיט מיר געהן, דען אום חול המועד דאַרף מען זיך אָנטהון פערגניגען וויפיעל נור מעגליך. דו, מיין קינד, האָסט אַזוי פיעל געאַרבייט צוגרייטענדיג זיך צום יום-טוב, אַז דו דאַרפסט זיך יעצט אויסרוהען.

— איך בעט דיך, ליבע מוטער, לאָז מיך יעצט צוהויזע,

— פאַרוואָס אָבער ווילסטו מיט מיר נישט געהן? דאָס פריהלינג-וועטער איז דאָך אַזוי שען, אַז עס בעט זיך פראָסט, דאָס מען זאָל געהן פון איהם נהנה זיין. פריהער ביזטו שטענדיג געווען פרעהליך, צופריעדען און גליקליך, ווען איך אָלעג דיך רופען שפּאַציערען געהן, מיין ליעב קינד, דו ביזט מיר נישט מעהר די פריהערדיגע חולדה, וועלכע פלעגט מיך אַזוי אָפט פרעהליך מאַכען מיט איהר פרעהליכען געמיט און פער-טרייבען די זאָרגען פון מיין שטערן. איך האָב מורא, אַז דער געדאַנק וועגען דעם לע-בענס-רעטער פון דיין ברודער נעהמט-צו ביי דיר די רוהיגקייט און פרעהליכקייט.

— מיין טייערע מוטער! דו פלעגסט שטענדיג קאָנען לעזען אין מיין טיעפען האַרצען, ווי אין אַן אָפענעם בוך. יאָ, איך מוז דיר מודה זיין, אַז איך טראַכט מעהר וועגען העררן ווילאַנד, ווי דאָס פּאַסט פאַר מיר. אומזיסט בעמיה איך זיך צו פערגעסען אָן איהם, שטענדיג שטעהט ער מיר פאַר די אויגען. די לעצטע ווערטער, וועלכע ער האָט דיר נעזאָגט, האָבען אין מיר דערוועקט אַ נאַרישע האָפנונג, אַז ער וועט זיך מגייר זיין. אַה, איך בין דאָך נאָר אַ נאַרישע קינד.

פלוצלונג האָט מען אָנגעקלאַפּט אין טהיר, און אַ משרת פון אַ האָטעל איז אַריינ-געקומען.

— ציי וואוינט דאָ פרוי וואָלף די אַלמנה? — האָט דער משרת נעפרעגט.

און ווען פרוי וואָלף האָט איהם געענטפערט, אַז יאָ, האָט ער איהר דערלאַנגט אַ בריעף.

פרוי וואָלף האָט אויפגעריסען דעם קאָנווערט, אינוועניג איז געלעגען אַ וויזיט-קאַרטע, אויף וועלכער ס'איז געווען געשריעבען:

„היינריך ווערטהיימער בעט ביי פרוי וואָלף די ערלויבניש צו קומען אָבענדען איהר די לעצטע לאָז-גרוסען פון העררן פּאַאול ווילאַנד. זענט אַזוי גוט און בעשטימט די צייט דורכ'ן משרת, ווען איהר קאָנט איהם אויפנעהמען".

פרוי וואָלף האָט זיך שרעקליך דערשראָקען ווען זי האָט איבערגעלייענט דאָס קאַרטעל: „די לעצטע לאָז-גרוסען?" ציי איז דען פּאַאול ווילאַנד געשטאָרבען? אָדער ער האָט זיך בעגענעגט מיט שוועריגקייטען ביים ווען זיך מגייר זיין און האָט געוואָלט יעצט דורך זיינס אַ פריינד נעהמען אָבשיעד פון זיי אויף אייביג? — קודם-כל האָט אָבער פרוי וואָלף זיך געכאַפּט, אַז מען דאַרף דאָס קאַרטעל נישט ווייזען דער טאָכטער. פרוי וואָלף האָט דעריבער אַריינגעלעגט דאָס קאַרטעל אין קעשענע און געזאָגט מיט אַ געמאַכ-טער רוהיגקייט, אַז זי בעט דעם העררן ווערטהיימער צו קומען וואָס גיכער.

— מאַמע — האָט חולדה אויסגערופען — וואָס איז דיר? דו ביזט דאָך גאַנץ בלאַס גע-געוואָרען! דו האָסט עפּעס דערהאַלטען, משמעות, אַ שלעכטע ידיעה?

— ס'איז גאָר נישט — האָט פרוי וואָלף געענטפערט. — א הערר ווערטהיימער, אַ פריינד פון העררן ווילאַנד, וויל אונז בעזוכען.

יעצט איז בלאַס געוואָרען פֿאַר שרעק די טאָכטער. אַ פֿריינד פֿון הערר ווילאַנד! וואָס פֿאַר ידיעות האָט ער דען געקאָנט־ברענגען? פֿאַר וואָס איז ער דען אַליין בעסער נישט געקומען?... כדי צו בעהאַלטען איהר אונרוהיגקייט פֿון דער מוטער איז זי צוגע־גאַנגען צום פֿענסטער און געקוקט טרויעריג אין גאַס אַרויס. אויך די מוטער האָט אי־בערגעלעבט שרעקליכע אונרוהיגע מינוטען.

חולדה האָט גאָר נישט בעמערקט פֿון אַלץ, וואָס האָט זיך געטהון אונטער איהר פֿענסטער; זי האָט נישט געהערט די אויסרופֿונגען פֿון די הענדלער, די געבאָטען פֿון די קונים; זי האָט אויך נישט געהערט ווי אַ וואָגען איז אָנגעפֿאָהרען. ערשט ווען דער וואָגען האָט זיך אָבגעשטעלט נעבען איהר פֿענסטער, איז זי געוואָרען אויפֿמערקזאַם און האָט בעמערקט אַן׳אויסנעשטיגענעם יונגען־מאַן, וועלכע האָט געגעבען אַ מטבע דעם פֿוהרמאַן. אויך פֿרוי וואָלף איז צום פֿענסטער צוגעגאַנגען גראָד אין דער מינוט, ווען איהר טאָכטער האָט אויסגערופֿען: „אָה, הערר ווילאַנד!" און איז שיער נישט געפֿאַלען אין חלשות.

באַלד האָט זיך געעפֿענט די טהיר און היינריך ווערטהיימער איז אַריינגעקומען.

— הערר ווילאַנד! — האָבען מוטער און טאָכטער אויסגערופֿען אין איין שטים.

היינריך אָבער האָט געזאָגט:

— פּאַאול ווילאַנד איז געשטאָרבען, אָדער ער האָט גאָר קיינמאָל נישט געלעבט. איך הייס היינריך ווערטהיימער, כ׳בין אַלס יוד געבאָרען און וויל אַלס אַזאָלכער לעבען און שטאַרבען, אַלס פֿרומער, שטרענג־גלויביגער, תורה־טרייער יוד!

ווער קאָן שילדערן די פֿערוואונדערונג פֿון פֿרוי וואָלף און איהר טאָכטער!

היינריך האָט געמוזט דערצעהלען, ווי אַזוי אַלץ איז פֿאָרגעקומען. אונזערע לעזער ווייסען שוין זיין געשיכטע גענוי און ס׳איז דעריבער איבריג נאָך אַמאָל זי צו דערצעהלען. מיר ווילען נאָר צוגעבען, אַז היינריך האָט געהעכנט צו קומען אויף די ערשטע טעג פּסח, אָבער ער איז פֿערהאַלטען געוואָרען אין וועג. ער האָט זיך דעריבער געמוזט אָב־שטעלען אויף די סדרים אין פּראָג און דערווייל האָט ער זיך דערוואוסט פֿיעל שענע זאַכען וועגען זיין זיידען און זיין פֿאָטער. מוצאי יום־טוב דעם צווייטען טאָג האָט ער זיך באַלד געלאָזען ווייטער אויף דער רייזע מיט׳ן צוג קיין האַמבורג, וואוהין ער איז געקומען מיט אַ שעה פֿריהער.

ס׳איז אונטערגעקומען די צייט פֿון מיטאָג. אַהרן וואָלף איז געקומען פֿון געשעפֿט אַהיים און האָט בעגריסט זיין לעבענס־רעטער מיט דער גרעסטער שמחה און האַרציגקייט.

פֿרוי וואָלף האָט געגרייט צום טיש און חולדה האָט מיט אמת׳ער נחת בעמערקט, ווי היינריך האָט זיך געוואַשען, געזאָגט „שאו ידיכם" און געמאַכט המוציא, אַ שטייגער, ווי ער וואָלט פֿון קינדערווייז אָן ערצויגען געוואָרען אין אַ יודיש הויז. אַז היינריך איז אין אָבענד געוואָרען אַ גליקליכער חתן חולדה׳ס, ברויכען מיר, פֿערשטעהט זיך, נישט צו דערצעהלען.

ווען מען פֿאָהרט מיט׳ן דאַמפֿער פֿון כאַינץ קיין קעלן, רוהט דאָס אויג מיט פֿער־גניגען אויף פֿיעל פּראַכטפֿולע לאַנד־הייזער, וועלכע בעציערען דעם רעכטען ברעג פֿון טייך. איינס פֿון די דאָזיגע לאַנד־הייזער ליגט האַרט אויפֿ׳ן רהיין; איבער דאָס שענע הערליכע הויז זעהט מען זיך דערהויבען די מעכטיגע בוימער פֿון פּאַרק, וועלכער ציהט

זיך אונמיטעלבאַר הינטער דער ווילאַ. צום דאָזיגען גוט געהערען פיעל הונדערט מאָרגענס לאַנד און וויינגערטנער; געגענאיבער דעם הערשאַפטליכען הויז געפינען זיך סאָליד-געבויטע ווירטשאַפטליכע געבײַדעס; די שטאַלען זענען פול מיט פרעכטיגע פערד, אָקסען, בהמות און שעפּסען; דער היהנער-הויף איז רײַך מיט אַלערלייַ עופות; אונטער די געבײַדעס ציהען זיך גרויסע קעלערס, פול מיט די בעסטע ווײַנען; אין די שפּייַכלערס זענען פאַר-האַן גרויסע זאַפּאַסען ווייץ און קאָרן, האָבער און גערשטען, נים און אַנדערע פּראָדוקטען. פון די פענסטער פון הערשאַפטליכען הויז אַרויס זעהט זיך אַנ'ענטציקענד בילד אויף די ווייטע בערג, וועלכע גיעסען זיך צוזאַמען מיט'ן הימעל.

דאָס איז געווען אין אָווענד י"ח אייר, ל"ג בעומר, ווען אין גרויסען זאַל פון הער-שאַפטליכען הויז האָבען זיך פערזאַמעלט פיעל יודען און זיך געזעצט לערנען גמרא. היינריך ווערטהיימער האָט געפייַערט חנוכת-הבית אויפ'ן אַלט-יודישען שטייגער. ער האָט זיך בעשלאָסען צו ווערען אַ לאַנדווירט און געקויפט אַ גרויס גוט. עטליכע וואָכען נאָכדעם האָט ער חתונה געהאַט און אַרײַנגעבראַכט אין זײַן הויז זײַן יונגע פרוי חולדה מיט איהר מוטער, פרוי וואָלף. דעם שוואָגער אהרן וואָלף האָט ער געבאָרגט אַ היבשע סומע געלד, כדי ער זאָל זיך עפענען אַנ'אייגען געשעפט אין האַמבורג.

צו היינריכ'ס חתונה האָט ער דערהאַלטען אַ בעגריסונגס-טעלעגראַמע פון דרום-אי-טאַליען פון דער פירשטין מאָנטעאָוועגריאַ. איהרע מרויעריגע פאַרגעפיהלען בשעת איהר קראַנק זענען ניִשט ערפילט געוואָרען, דען זי איז געזונד געוואָרען און האָט יעצט גע-וואונשען איהר זוהן גליק אין זײַן נייעם לעבען.

דרייַ יאָהר זענען אַריבער. היינריך ווערטהיימער און זייַנע לייט האָבען געלעבט העכסט צופריעדען און גליקליך, נאָר דער געדאַנק וועגען זיין מוטער האָט איהם אָפט בעשעפטיגט און בעטריבט. און אָט האָט ער איינמאָל דערהאַלטען אַ טעלעגראַמע מיט אַ מעלדונג, אַז פירשט מאָנטעאָוועגריאַ איז געשטאָרבען פלוצלונג פון אַ שלאַג-אַנפאַל. היינריך איז תיכף אָבגעפאָהרען קיין איטאַליען.

דעם פירשט מאָנטעאָוועגריאַ האָט מען מקבר געווען מיט גרויס פּאַראַד; זײַנע גיטער און שלעסער האָבען גע'ירש'ענט זייַנע קרובים. אין דער צוואה האָט ער אָבגעזאָגט זיין אַלמנה אַ בעדייטענדע הכנסה אויף איהר לעבען-לאַנג. אַלס אַנ'אָרט צו וואוינען, האָט איהר דער פירשט געהאַט בעשטימט אַ ווילאַ אויף דער קאַמער-אָזיעראָ.

נאָכדעם ווי אַלע דאָזיגע אָנגעלעגענהייטען זענען געאָרדענט געוואָרען, האָט היינריך געוואָלט נעהמען אָבשיעד פון זייַן מוטער און אָבפאָהרען צוריק קיין דייטשלאַנד.

— מיין זוהן — האָט יאָזעפינע ווע'אָגט — בלייב דאָ נאָך אַ קורצע צייט און נעהם מיך מיט קיין דייטשלאַנד. איך בענק זעהר צו בעקענען זיך מיט דיין פרוי און קינדער. איך האָב אָבער אַ ביטע צו דיר: פיהר מיך אַרייַן אין דייַן סביבה נור אַלס דיין פאָטער'ס פרוי, אַלס פרוי ווערטהיימער. איך וויל ווערען אַ יודענע און האָב ניִשט קיין רעכט אויפ'ן טיטול פון אַ פירשטין.

היינריך האָט זיך געשפּירט העכסט גליקליך דורכ'ן דאָזיגען ענטשלוס פון זיין מוטער. אַכט טעג שפּעטער האָט ער אַריינגעפיהרט זיין מוטער צו זיך אין שטוב אַרייַן.

אין אַ געוויסע צייט אַרום איז היינריך געקומען צום רב, בײַ וועלכען ער האָט פריי

הער געוואָלט מגייר זיין זיך און דערצעהלט איהם זיין גאַנצע געשיכטע; דאַן האָט ער איהם איבערגעגעבען דעם פערלאַנג פון זיין מוטער צו ווערען צוריק א יודינע, דערביי האָט זי אַרויסגעזאָגט איהר וואונש מקבל תשובה צו זיין פאַר אַלע יאָהרען, וועלכע זי האָט געלעבט אויף אַ נישט יודישען אופן.

— מיין מוטער—האָט הײנריך געזאָגט—געפינט זיך דאָ ביי מיר און זי פערלאַנגט, אַז איהר זאָלט איהר אויפנעהמען און אַרויסגעבען אַ תשובה.

— איך געפין—האָט דער רב געזאָגט—איהר פערלאַנג גאַנץ נאַטירליך און גערעכט.

— ערלויבט מיר אָבער, רבי, צו בעטען אייך, אַז איהר זאָלט נעהמען אין אַכט איהר שוואַכע געזונדהייט און נישט פאָדערן פון איהר צו־פיעל.

— זיינט אונבעזאָרגט, מיין הערר, איך וועל פעראָרדנען עפיס־וואָס אַנדערש, ווי תעניתים און פייניגונגען.

הײנריך איז אַרויסגעגאַנגען און האָט אַריינגעפיהרט זיין מוטער. באַלד נאָכדעם איז ער אַרויסגעגאַנגען, ווייל ער האָט געוואָלט פערשפּאָרען זיין מוטער דעם צער צו זעהען ווי זי וועט דאַרפען מודה־זיין איהר זינד.

— גנעדיגע פרוי—האָט דער רב געזאָגט, נאָכדעם ווי ער האָט זי איינגעלאַדען צו זעצען זיך—אייער זוהן האָט מיר שוין איבערגעגעבען אייער בעגעהר, און איך האָב איהם געזאָגט, אַז איך געפין, דאָס ער איז פאָלקאָם בערעכטיגט. אָבער איך מיין, אַז איהר בדרייכט נאָרנישט צו שעדיגען אייער געזונדהייט דורך תעניתים און פייניגונגען. איך וועל אייך מאַכען אַן אַנדער פאָרשלאַג. פערווענדעט אייער גרויסע הכנסה פאַר זיך אַליין וואָס־ווייניגער און פערטהוט דאָס געלד אויף צו שטיצען יודען און יודינעס, וועלכע די נויט האָט געבראַכט דערצו, דאָס זיי האָבען געמוזט אַריינפאַלען אין די נעצען פון די מיסיאָנערען. ראַטעוועט זיי אַרוים מיט אייער געלד פון שמד! איך וואָלט אייך גראַטען, אַ איהר זאָלט צום דאָזיגען צוועק אַריבערציהען זיך קיין לאָנדאָן. דער דאָרטיגער אָבער רבינער און זיין פרוי וועלען גערן זיין בערייט אייך בייהילפיג צו זיין ביים דורכפיהרען אייער שעהנעם פערלאַנג. איהר וועט דאַדורך בעצאָהלען פאַר אייער זינד אין דער פערגאַנגענהייט, ווייל איהר וועט פערהיטען פון אַ זינד, וועלכע איהר זענט בעגאַנגען, אַנדערע יודען!

— איך דאַנק אייך, רבי,—האָט יאָזעפינע געענטפערט.—אייער עצה איז גוט און פערשטענדיג און איך וועל אייך פאָלגען. געוויס וועט מיר זיין זעהר שווער צו שיידען זיך פון מיינע קינדער. זאָל־זשע דער דאָזיגער וועהטאָג מיר דיענען אַלס אָבקומעניש פאַר מיין זינד!

יאָזעפינע האָט איהר ענטשלוס ערפילט. יעצט וואוינט זי אין לאָנדאָן און איז אַן ענערגישער מיטגליעדער פון די יודישע פעראיינען, וועלכע קעמפען געגען דער טעטיגקייט פון די מיסיאָנערען צווישען יודען.

גראַף פערלעבערג איז געבליעבען אויף שטענדיג אין די בעסטע בעציהונגען מיט זיין „פלעמיעניק", דעם געוועזענעם פּאַול ווײלאַנד. ער קומט אָפט צו פאָהרען מיט זיין גאַנצער משפחה צו איהם צו־גאַסט, בעזונדערס ווינטער־צייט און פערברענגט ביי איהם עטליכע וואָכען.